דער

# אריסטאקראטישער צדיק

אדער

## דער לעבעדיגער מת

איין שיינער ראמאן אין צוויי טהייל

ערפאסט פאן

יעקב זעליג פוטערמאן אויס איורוטש



---

וו א ר ש א

בדפוס ר' יוסף לעבענזאהן נ"י

שנת תרמ"ט לפ"ק

---

# АРИСТОКРАТИЧЕСКІЙ ПРОВѢДНИКЪ

или

## ЖИВЫЙ МЕРТВЕЦЪ

**романъ Соч. Я. З. ФУТЕРМАНА**

---

ВАРШАВА

**Въ Типо-Литографіи І. Лебензона Францишканская ул. № 11**

1889.

# „אָט בִּין איך!"

## אַנְשְׁטַאט אַפָּארְרֶעדֶע.

גֶעה מַיין װֶערְק אױף דֶער װֶעלְט אַרױס,
װָאס צִיטֶערְסְטִיא אַזױ. פַאר שְׁרֶעק גֶעהְסְטֶע אױס;
װָאס אִיז דַיין זָארְג? װָאס אִיז דַיין שְׁמֶערְץ?
אִין װָאס בֶּאשְׁטֵייט דֵיין פוּרְכְט? פַאר װָאס קְלַאפְּט דִיר דַיין הֶערְץ?
צִיא דִיא בִּיזְט חָלִילָה אָן הֶענְד אָדֶער אָן פִיס.
װָאס דִיא לִיגְסְט אִין דֶער פִינְסְטֶער שׁוֹין בַּאלְד אַ יָאהְר גֶעװִיס?
דִיא בִּיזְט גַאנְץ אִין גִיזוּנְד. הָאסְט נִיט אױף װַאס זִיךְ צוּ בֶּעקְלַאגְן
דִיר פֶעלְט קֵיין זַאךְ. נִישְׁטָא װָאס צִי זָאגְן.
דִיר פֶעלְט קֵיין הֶעלְד; װִיא אױךְ קֵיין װָארְט,
יֶעדֶערִין הָאבּ אִיךְ גִישְׁטֶעלְט אִין זַיין גֶעװֶענְלִיכֶען אָרְט.
אֵיין אױס שְׁפְּרַאכֶע הָאבּ אִיךְ דִיר גִיגֶעבִּין זֵייֶער אַרֵיינֶע
דֶער צוּ אַלִיעֶר אױךְ זֵייֶער אַשֵׁיינֶע,
דַיין עֶרְצֵיילוּנְג אִיז רִירֶענְד אױךְ זֵייֶער נוּצִיג,
אוּנ פַאר דִיר װֶעט דָאס זַיין אַגְרױסֶער בֶּעשִׁיצוּנְג.
צִיא דִיא שֶׁעמְסְט זִיךְ דֶעם עֶרְשְׁטִין מָאל אױף דֶער װֶעלְט אַרױס
אוּנ װִילְסְט בֶּעסֶער לִיגִין לֶעבִּין דַיין מוּטֶערְס שױס?
נָאר אִיךְ װֵייס שׁוֹין דַיין זָארְג. אִיךְ װֵייס שׁוֹין װָאס דִיר פֶעלְט
אִיךְ הָאבּ נָאךְ צוּ מַיין רָאמַאן קֵיין הַקְדָמָה נִיט גִישְׁטֶעלְט.
דוּא זֶעהְסְט דַיינֶע חֲבֵרִים טְרָאגִין אַפָּארְרֶעדֶע פַאר זִיךְ
װִילְסְטִי זִיא אױךְ הָאבִּין אִין דַיין שֵׁיינֶעם בּוּךְ.
נָאר אִיךְ זָאג דִיר גִיװִיס. דוּא װֶעסְט דֶער פוּן קֵיין שְׁמֶערְצִין נִיט לַיידִין.
װַייל מֶען טוּהְט הַיינְט אֵיין הַקְדָמָה גָאר אִין גַאנְצִין אױס מַיידִין.
אַלְזָא מַיין װֶערְק, גֶעה אױף דֶער װֶעלְט אַרױס. גֶעה גִיךְ!
אוּנ אױף אֵיין הַקְדָמָה אַז מֶען װֶעט דִיךְ פְרֶעגִין זָאלְסְטִי זָאגִין, „אָט בִּין אִיךְ!"

**דער פערפאסער**

1

# די אונצופרידענע בעקאנטשאפט

אבוואהל גראדאוויל איזט נאר אקליין פראכט שטאדטעלע אן בולווארין. אן פרעסוארין. גיטא קיין טועאטער. ניטא קיין שאטא וויא אין אלע אנדערע גרויסע שטאדט. דאך וועלין זיך דיא לעווער בעטוהען דיזער שטאדטעלע אקליינים וויזיט מאכין. דארט אין עק שטאט אין דער קליינער שטובכען וועלין מיר אריין אין וועלכער עס זיצין צוויי מאנכפערזאנען אין שפרעכין. דער עלטערער וואר אמאן פון איאהר פונף אונ פערציג מיט אשווארצע באהר. שווארצע אויגין שווארצע האר אין אשווארצעס גיזוכט. דער צווייטער נאך נאר איונגער מאן אונגעפעהר 25 יאהר. אשייגער גיוונטער יונג מיט בלאה אויגין בלאנדע האר מיט אנאנגין פאנים גיזוכט.

נוא אראנק דיר אליושקע וואס דו האסט מיך גיפאלגט אין ביזט גיקומען צו מיר – האט גיזאגט דער אלטערער – ווען דוא וואלסט ניט גיווען קומען וויים איך ניט וואס איך האלט דא גיטאהן אן דיר. בארעבין אז איך האב דא גיפונען אפעטין קרבן פון וועלכין מען קאן נעמען געלט נאר בעוסטשאט. אין דיא באסט מיר גראדע צוא דיזען גישעפט. היינט שטעל זיך פאר וואס וואלט גיווען ווען דו וואלסט ניט גיקומען פון רידאגאוו אהער? איך זאג דיר – עס וואלט גלייך גיוועז וויא 10 טויזענד קארבין פון קעשענע צ־ווים גילאזין.

וויא הייסט איך זאל ניט גיוועז קומען? האט עליושקע גיפרעגט – איר ווייסט דאך ר' זלמן אז איך פאלג אייך שטענדיג אין פייער אין – אין וואסער בפרט היינט אז איך האב פאר הערט אז איר האט דא דער טאפט אזא פעטין שעפס פון וועלכין מען קאן נעמען אפאר שפאלין.

יא יא האט זלמן צוא גישאקלט מיט דעם קאפף. איך זאג דיר אפעטער וואס פעט הייסט. מען קאן פון אים אפ רעקין אפעט ביינדיל. מיר וועלין זיך פון אים ניט נארין.

איך בין זייער נייגעריג צוא וויסין אין וואס באשטייט דער גאנצער גישעפט ווער איז דער שעפס וועלכין איר האט בעקומען? האט עליושקע גיזאגט מיט אשטייגעלע זעין זיך וועל איך דיר דערציילין.

נוא דער ציילט – האט עליושקע גיזאגט זיך וועצענדיג.

דוא ווייסט דאך אז עס איז שוין העכער אכט טאג אז איך זיץ דאה – פאנגט אן זלמן צוא דערציילין – איך דוא גאנצע צייט בין איך גיוועסין אן אשטאך ארבעט. דוא מעגסט מיר גלייבין אז איך בין גיגאנגען פשוט וויא אן אקאפ. קלער היינט קלער מאכין. עס איז ניטא אין וואס זיך אן צוא האפין. נאר גאט וואס פארלאזט ניט קיין שום מענטשין האט מיך אויך ניט פערלאזין אין האט מיר באלד צו גישיקט אגושעפט; דען פריער מיט עטליכע טאג אביינד צייט אלס איך בין אין גאס גיגאנגען טראכטענדיג

וואס טוט מען? האב איך זיך אפ געשטעלט ליבין אשיין הויז וועלכע שטייט אין מיטין מארק. דוא פענצטער פון דיזער הויז זענען געוועזן אפין צום גאס. איך האב שוין צייט גיהאט צוא באטראכטין וואס פאר אריינער מאן דער ווירט פון דיזער הויז איז. אין דער זאל וועלכע איז געוועזן זייער שיין בעפוצט און בעלויכטין פון פולע טייערע לאמפין איז ווי איך האב פערשטאנען. — איז געזעסין דער ווירט מיט זיין פרוי. — דער ווירט איז שוין א בעאהרטער מענטש; און דיא פרוי נאך גאר איונגע און זייער שיין. רייך גיקליידעט און מיט פיל שמוק בעפוצט. — באלד איז מיר אריין אין גידיינק אז דאה איז אפעט ארט פון וועלכין מען קאן זיך ניט נארין. און איך האב טאקע שוין אן גיהויבין צוא טראכטין מוטצען וויא צוא בעקומען דיזין רייכין מאנס גרויסין קאפיטאל. נאר פלוצלונג האב איך אויף גיהערט צו טראכטין. דען דיא טריט וועלכע האבין זיך גילאזט הערין פון דעם ווירט וועלכער איז אים ניגאנגען הין און צוריק איבער דער זאל. האבין מיר מיינע גידיינקען צוא שלאגין. — אם ענדע אלס איך האב שוין געוואלט צוא הויזע גיין. האב איך ניט ווילונדריג אקוק גיטאן אין פענסטער און דער ווירט איז גראד אויס גיקומען צו מיר מיט זיין גיזוכט. שטעל זיך פאר עליושקע איין איבערראש און פערצווייפלונג אלעס איך האב אין דיזין ווירט דערקאנט מיין בעקאנטין דוד סאקס. —

דוד סאקס!? האט עליושקע ניט מיט זיין שטומע אויס געשריען. איר האט דאך מיר אמאל דערציילט דאס מען האט אים פעראורטהיילט אויף עוויגע קאטערגע? וואס רעדט איר? ער איז דאך געווען זאמושאוועט און א גרויסען פערברעכער וואס דער פאר איז ער גערעכטעטע געווארין אויף עוויג.

יא. יא, טאקע דעם דוד'ן וואס מען האט פערשיקט אויף קאטערגע האב איך אין דיזער הויז גיזעהן. — א יאה די וואונדערסט זיך? נאר הער מיך אויס ווייטער —

אלס איך האב דא אזא שרעקליכע סצענע דער זעהן. האב איך שוין צוא הויזע ניט גיקאנט גיין. איך האב אן גיהויבין טראכטין וואס דא צו טאהן איז ביי מיר ענדליך געבליבען דאס איך זאל דער ווייל גיין צו הויזע שלאפין. ווייל עס איז שוין געווען שפעט. און מארגין פריה זאל איך גיין מקבל פנים זיין מיין בעקאנטין דוד'ן; נאר אלס איך בין געקומען אהיים האב איך גאר ניט געקאנט שלאפין. איך האב אלץ גיקלערט וועגין דוד'ן; איך גידיינק אז ער איז נאך געזעסין אין 'ריבאנאוו — עס איז שוין דעריגע א מעשה פון א יאהר 20 — האט ער זיך גילויבט — מיט זיין פרוי און זיין איינציג קינד אברהם וועלכין דיא פרוי האט אים באלד נאך דער חתונה גישיינקט — זייער גליקליך. ער פלעגט אן געבען אלע גרויסע פאדראדין און פלעגט פארדינען פיל געלט און זוי. — נאר אלס מען האט אים פאר איין שרעקליכען פאר ברעכער ערקלערט האט ער פארקויפט אלעס וואס ער האט גיהאט; זיין הויז זיין מעביל זיין גאלד און זילבער. אפילו קליידער האט ער אויך פערקויפט. און האט זיך ארץ גיהטארעט דאס מען זאל אום אין סוד ערקלערין פאר איין אונשולדיגין. נאר ער האט זיין גאנצין קאפיטאל אומזאנסט צושאטין פאר זיין בעפרייהונג. ווען דער סוד האט אים פאר איין פארברעכער ערקלערט און אויף עוויגע קאטערגע פעראורטהיילט. דוד איז נאך דעם געבליבען אקבצן ווי דוא קאנסט זיך פארשטעלין. עס איז אפילו אין שטוב קיין ברויט ניט געווען. — איך גידיינק אז אין דעם טאג פון זיין אטבראווקע. דאס הייסט עס איז געוועזן אין דעם טאג וואס מען האט אים אויף קאטערגע פערשיקט האט אים זיין ווייב גיהאט אצוהילונג צוריק יונגעלעך. דיא גאנצע שטאדט האט גיקלונגען מיט דעם נייעס און אלע האבין אויף

דעם

עם זיינע אין ער איז אוועק, ער האט אפילו דער ווייב קיין גט ניט גיגעבין. היינט
איז מיר זייער וואונדערליך ערשטינס וויא האט ער גיקאנט אנטלויפין פון קאטערושניע.
צווייטינס וויא האט ער בעקוממען אזא גרויסין קאפיטאל. אונ ווי האט ער גינוממען דיא
יונגע ווייב ווערענד ער האט נאך יענע ניט גיגט?... דיזע אלע פראגעס זיינען מיר אויף
מיין גידאנק ארויף. אונ איך האב זיי זיך ניט גיקאנט פערענטפערין. מיט דער גרעסטער
אונגעדולט האב איך ערווארטעט דעם טאג. אין וויא איך האב אים נאר דערלעבט
אזוי בין איך גלייך אוועק צוא דודין. אויף דעם וועג גייענדיג האב איך ביי אפאר
פראגייענדן גיפרעגט ווער עס זיצט אין דיזער הויז. ערשט מען האט מיר גיענטפערט אז
דארט זיצט דער גביר ר' משה בראש.

איך האב באלד פערשטאנען צו וואס עס פאסט אים דער נאמען אין מיט דעם
בין איך גלייך אריין צו מיין אויף גיקוממענעם גביר. — איך קען דיר גאר ניט פאר־
שטעלין דיא שרעק אין פערענדערונג וואס אויף דודין איז גיווארין אלעס ער האט מיך
דערזעהן ער איז גיווארין טויט דאס אשנערין ליינט מען אין דער ערד אריין. נאר
איך האב אים בארוהיגט מיט דיא ווערטער; שרעק זיך ניט דוד. מיר זיינען אייגענע
מענטשין. נאר דוד האט ער באלד אשושקע גיטאהן אין אויער; דאס איך זאל אים ניט
רופין דוד סאקס נאר משה בראש. — איך האב אים באלד אפ גיגעבין סו"ט פאר זיין
נייעם נאמען. אין דוד אדער משה האט גישטעלט משקה אין האט מיך גבעטין אז זיין
פרוי וועט קוממען זאל איך זיך מעלדין פאר איין סוחר. אין וויא זאל פון מיר גאר ניט
וויסין. איך האב אים אלעס פערשפראכין. נאכהער האב איך אים דערציילט מיין גאנצע
אבסטאיאמעלסטווע. ווענין וואס איך בין גיקוממען; איך האב אים דערציילט אז עס
איז שוין העכער אכט טאג אז איך זיץ אן אשטאך ארבעט איך האב פשוט ניט אויף
דער הוצאה. איך האב שוין טאקע גיוואלט זאגין משהן ער זאל מיר לייען אפאר הינדערט
רוביל. נאר משה האט פריער פערטאפט אין האט מיר גיזאגט דאס איך זאל ציא אים
קוממען מארגין וועט ער מיר געבין א גישעפט ביי וועלכין איך קאן פערדינען אגראב
קערביל. אויף מארגין אלעס איך בין גיקוממען ציא משהן פרעגין דעם גישעפט וועלכין
ער וויל מיר געבין. האט ער מיר דערציילט אגאנצע מעשה; דא אין גראדאוויל וואהנט
אגביר מיט דעם נאמען שלמה פרושמאן. ער האט זיין אייגענע הויז אין פארמאגט זיינע
500 טויזנד קאפיטאל. ער פירט גרויסע גישעפטין. אין שטוב איז ביי איהם אווייט
שענק פון וועלכין ער פארדינט פיל געלט. אין מארקו־אקראס. נאר דיזעס אלעס האט
ציא אינז ניט מיר דארפין אין דער פאלאזשעניע ניט אריין. גאר העער אוים; משה
בראש איז אויף שלמהן פרושמאן שטארק אין כעס. איך ווייס ניט ציא ער פארגינט
אים גלאט ניט וואס ער האט אזוי פיל געלט. ציא דער פאר וואס ער רעכינט אז שלמה
וועט ניט זיין אין גראדאוויטץ. וועלין בלייבין פאר אים אלע גישעפטין, דאס איז ניט
אינזער דאגה. דער ווייל דארפין מיר שלמהן ציא נעמען פון זיינע אויגין.
אין ער וועט אינז דער פאר ערליך בצאהלין. — מיילא אז איך האב דער הערט אזא
גישעפט. האב איך זיך דאך אן ניתאפט — ווי מען זאגט — ווי אין הייסע פארפיל. דען
איך האב באלד ברעכינט אז ביי משהן וועט מען נעמען אין 2 יען געלט; ערשטינס
דער פאר וואס איך ווייס אין שוויינג. 2 טינס דער פאר וואס מיר וועלין ציא נעמען
שלמהן פון זיינע אויגין. מיט איין ווארט איך האב פערשטאנען אז דא איז אנדיקלכר
גישעפט. איך האב באלד גיבעטין משהן ער זאל מיר אן ווייזין דעם שלמהן פרושמאן

איך

איך זאל וויסן מיט וועמען איך האב דא וואס צו טאהן. משה האט אים באלד אן געוויזן אין איך האב באטראכט דעם נפש דאס ער שטייט מיר פאר די אויגן; נאך גאר אויסגער מאן פון 26 יאהר געווייגליך רייך גיקליידעט. נאכהער האב איך אן גיהויבן צו קלערין מיטלען ווי מען זאל דעם נפשיל צוא נעמען פון גראדאוויל. אין האב ענדליך באקלערט זייער אגוטין מיטיל וועלכער קאן אוועק גלאט אין שטיל. ונאר צוא דעם מיטיל דארף איך האבין אזא מענטשין וועלכער זאל זיין ענליך צוא שלמהן. דאס האב איך גירעכינט פאר אשווערע זאך וועלכעס איז אונמעגליך צוא גיפינען. דען אין אמתין וויא קאן מען דאקאזשען איין מענטשין וואס זאל זיין פונקט ענליך צוא דעם צווייטין. נאר וויא באלד איך האב זיך דערמאנט אין דיר איז מיר גאר לייכטער געווארין ואין מיינע אויגן אשיין פון האפעניג האט. י׳שוועב גיגעבין פאר דיר. דען דיא ביזט נאטירליך פאדאבנע צוא דעם שלמה; ווען ער שלמה זאל ניט גיין אזוי רייך ניקליידעט: אין איך זאל ניט וויסן אז דיא ביזט אין רידאגאוו, וואלט איך גימיינט אז די עליושקע גייסט אים אין גראדאוויל גישט שלמה. אבער אזוי ענליך זאל זיין איינער אויף דעם צווייטין. טרעפט זיך מיר דעם ערשטין מאהל אין מיין לעבין צוא זעהן, דריבער האב איך דיר באלד גיגעבין אדיפעשע אז דיא זאלסט קימען אין יעצט דאנק איך דיר זייער וואס דיא האסט מיך גיפאלגט. עס וועט זיך דיר פאר אלעס יבאצאהלין. מיר וועלין זיך דא ארום אונ ארום ניט נארין. —

פון דעסט וועגין זאגט אליושקע וואלט איך וועלין איר זאלט אזוי ניט זיין אזי דערציילין מיר דעם פלאן וואס איר האט באקלערט צוא שלמהן? — גיין. גיין. היינט איז שוין שפעט — זאגט זלמן — איך דארף שוין גיין צוא משהן זאגין אים אז איך בין שוין גרייט צוא די ארבעט זאל ער נאר אן גרייטין געלט. —

גוא גוא זאל זיין. וועט איר מיר דערציילין איין אנדערט מאהל — זאגט אליושקע. איך וועל דיר ניוויס דער ציילין האט זלמן גיענטפערט אין איז אוועק.

---

2

# משהם פירונג

עס איז ניט גיוועזן איין מענטש אין דער שטאט גראדאוויל אז ער זאל זאגין דאס משה דער גביר מיט דער שטאדט קיין טובות ניט. אין עס איז ניט גיוועזן איין מענטש וואס זאל ניט זאגין אז משה באגרייסט זייער דיא שטאט. נאר במעט דיא גאנצע שטאט האבין אין איין קול גישריען דאס זיי ווילין ניט זיין קוש אין ווילין ניט זיין בים... דען זיי האבין זייער גוט גיוויסט דאס פון דיא טובות וואס ער טוהט זיי קומט זיא זייער אפט ארויס גרויסע רעות...

משהם בעשעפטיגנ באשטייט אין דעם וואס ער נעמט אן דיא טאקסע פון דעם גאנצין אויעזד. אין מיט איר בערייסט ער דיא שטאט. קיין פעדער איז ניט אין שטאנד צוא בעשרייבין דיא ביטערע קללות פון דיא ארעמע יודין פון דער שטאדט גראדאוויל.

זײ הָאבִּין זִיךְ גִיפְרִיבְּט מִיט אַלֶע סְפָּאסָאבִּין. אוּנ הָאבִּין זִיךְ גִישְׁלָאגִין בִּיז אֶין זַײן טְרָאפִּין בְּלוּט אוּנ הָאבִּין דָאךְ נִיט גִיקָאנְט אוֹיס פִירִין אַז מֹשֶׁה זָאל דִי טַאקְסֶע נִיט הַאלְטִין זַיי הָאבִּין אַרוֹיס גִיזֶעהְן אַז אַלֶע הוֹצָאוֹת וָואס מֹשֶׁהן קָאסְט זַײעֶר גִישְׁלֶעג אִיז אַלְץ אוֹיף זַײעֶרֶע קֶעפּ הָאבִּין זַײא זִיךְ עֶנְדְלִיךְ אוֹיף גִיהֶערְט מִיט אִים זִיךְ צוּא בּוּנְטֶעוֶועןְ אוּנ הָאבִּין אִינְמֶער גִילַײגְט זַײעֶרֶע קֶעפּ אִינְטֶער מֹשֶׁה׳ס פִים. — חוּץ דֶער טַאקְסֶע הָאט מֹשֶׁה גִיהַאלְטִין דִיא פָּאטְשְׁט פוּן דֶעם אוֹיעֶזְד; וִויא עֶרְגֶעץ אַפְּאדְרַאד וִויא אַפְּרִיוְוַאנְד וִויא אַבְּאלְנִיצֶע אִיז גִיוֶוען מֹשֶׁה׳ס דֶער זַײא הָאט אִים זַײעֶר גִיגְרִיקְט. אוּנ אִיז אַלֶע טָאג גִיוָוארִין רַײכֶער אִין רַײכֶער. מֹשֶׁה הָאט אִין דֶער שְׁטָאדְט גִילֶעבְּט וִויא אַקֶענִיג. אוּמֶעדִים הָאט עֶר גִיהַאט אַדֵעָה אִין שִׁיל אִין מַארְק אִין בָּאד אוּנ וָואס עֶר הָאט גִיזָאגְט אִיז גִיוֶוען הֵיילִיג יֶעדֶער הָאט זִיךְ גִיפוּרְכְטֶעט מִיט אִים זִיךְ צוּא זַאטְשֶׁעפֶּען. וַוייל זַיי הָאבִּין גַאנְץ גִיט גִיווּסְט דָאס מֹשֶׁהן; זָאל אֲפִילוּ קָאסְטִין טְוֶוענְצִיג רִיבִּיל וֶועט עֶר נִיט שְׁווַײגִין אִין מִיז דֶעם דָאזִיגִין וָואס הָאט אִים זַאטְשֶׁעפֶּעט אָן רַײבִּין אַנָאז. — דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט הָאט גִיקָאנְט מֹשֶׁהן. אִין אַרִים גְרָאדָאוִויל אִין דִי קְלַײנֶע שְׁטֶעטְלִיךְ הָאט מֶען אוֹיךְ גִירֶעט פוּן מֹשֶׁהן דֶעם נְגִיד. נָאר נִיט אֵײנֶער הָאט גִיווּסְט פוּן וַואנֶען עֶר אִיז אַגִיבּוֹרֶענֶער. מֶען הָאט נָאר גִיווּסְט דָאס עֶר אִיז מִיט 20 יָאהְר צוּרִיק אַהֶער גִיקִימֶען אוּנ הָאט חֲתוּנָה גִיהַאט פַאר אַמֵײדִיל מֶעסֶעלֶע וָואס הָאט אִים גִינֶעבִּין 200 רִיבִּיל נַדָן עֶר הָאט בַּאלְד אָן גִינִימֶען קְלַײנֶע פָּאדְרַאדִין אוּנ הָאט זִיךְ מִיט דֶער צַייט אוֹיס גִיווִיזִין פַאר דֶעם גְרֶעסְטִין נְגִיד עֶר הָאט זִיךְ אוֹיס גִימוֹיֶערְט אַשַײן הוֹיז אִין מִיטִין מַארְק וֶועלְכֶע עֶר הָאט אוֹיס גִיפוּצְט מִיט שַײן אוֹיסלֶענְדִישֶׁע מֶעבִּיל אִין שַׁײנֶע טַײעֶרֶע לָאמְפִּין. נָאךְ אַלֶע זַאכִין הָאבִּין דִיא גְרָאדָאווִילֶער אַײנְוואוֹינֶער מֹשֶׁהן; נִיט בְּעֶנַײדֶעט אוֹיף זַײן גַאנְצִין עֲשִׁירוּת. אוּנ הָאבִּין אִים נָאךְ גִירֶעכִינְט פַאר אַיין הֶעכְּסְט אוּנְגְלִיקְלִיכִין דֶער פַאר וָואס עֶר הָאט קֵיין קִינְדֶער נִישְׁט גִיהַאט. דֶען זַײא הָאבִּין גִירֶעכִינְט דָאס שְׁטַארְבִּין אָן קִינְדֶער אִיז פִיל מָאל עֶרְגֶער וִויא אָפּ לֶעבִּין דֶעם גַאנְצִין לֶעבִּין אִין אַײנְגֶעשְׁאפְּט אוּנ אִין אָרִימְקֵייט. זַיי פְלֶעגִין זִיךְ אָפְּט אַלֵיין פְרֶעגִין; פוּן וֶועמֶעס וֶועגִין הָארֶעוֶועט מֹשֶׁה אַזוֹי פִיל? פוּן וֶועמֶעס וֶועגִין בַּארַײסְט עֶר דִי אָרֶעמֶע יוּדִין? וֶוער וֶועט אִים אַמָאהְל יַרְשְׁנֶן? צִיא וֶועט עֶר דֶען זַײן רַײכְקֵייט מִיט נֶעמֶען אִין קֶבֶר? צִיא נָאר דִי וֶועלְט אִיז אַוֶועלְט?...

נִים אֵײן מָאל פְלֶעגִין זַיי זָאגִין. ווִי לַאנְג קְרֶענְקְט מֹשֶׁה ווִי אִיךְ וֶועל אִים נִיט אָפּ גֶעבִּין מַיין אֵײן קִינְד פַאר זַײן גַאנְץ עֲשִׁירוּת. נָאר מֹשֶׁהן הָאט — ווִי עֶס וַוייזְט אוֹס דִיוֶועם וֶוייניג גִיהַרְט. אִים הָאט וֶוייניג גִיקְרֶענְקְט וָואס עֶר הָאט קֵיין קִינְדֶער נִישְׁט. אוּנ הָט זִיךְ אוֹיךְ נִיט גִיפוּרְכְטֶעט פַאר יֶענֶע וֶועלְט... עֶר הָאט בֶּעסֶער לִיבּ גִיהַאט דִי וֶועלְט. דֶער פַאר הָאט עֶר גִילֶעבְּט טַאקֶע זַײעֶר פְרֵיילִיךְ אוּנ הָאט זִיךְ צוּ גִיטֵײלְט אַלֶע פַארְגֶענִיגֶען פוּן דֶער וֶועלְט. פַאר אִים אִיז קֵיין שׁוּם זַאךְ נִיט גִיוֶוען צוּא טַײעֶר דֶען אַבִּיא נָאר פַאר זִיךְ אַלֵיין הָט עֶר שַׁיין אַלֶעס דָאקַאזְשֶׁעט. דֶער פַאר אִיז עֶר שַׁיין גִיוֶוען אוֹיף אָרֶעמֶעלַײט אַגְרוֹיסֶער אַיין שְׁפָּרֶער. קֵיין אָרֶעמַאן הָאט בַּײא אִים קֵיין מָאל קֵיין גְרָאשִׁין נִיט גִינִימֶען. אוּנ עֶר הָאט אוֹיף קֵיינֶעם קֵיין רַחֲמָנוּת נִיט גִיהַאט. נִיט בֶּעסֶער פוּן אִים אִיז גִיוֶוען זַײן פְרוֹיא מֶעסֶעלֶע. זִיא הָאט פֵיינְט גִיהַאט אַ יוּד — עֶרְגֶער וִויא דֶעם טוֹידְט זֶועלְבְּסְט אוֹיף דִיא אָרֶעמֶע הָאט זִיא אוֹיךְ גֶעקוּקְט מִיט דֶער זֶעלְבִּיגֶער קַאלְטְבְּלוּטִיקַייט וִוי מֹשֶׁה. נָאר דָאס וָוס זִיא הָט קִינְדֶער נִיט גִיהַאט. הָט אִיר וִוי עֶס וַוייזְט אוֹיס־זַיין גִיאַרְט וִוי מֹשֶׁהן. וַוייל זִיא פְלֶעגְט אִים אָפְט טְרַײבִּין צִיא גִיטֶע יוּדִין צִיא פָאטֶעריִן אִין זִיא פְלֶעגְט אָפְּט הַארוֹיף לָאזִין אַטְרֶער. —

מיר קאנען נישט וויסן ציא זיא האט גיוואלט האבין קינדער. ציא האבין דעם גן״ עדן פין זייא איבער הינדערט יאהר אזוי ווי אלע אידעשע מאמעס. ציא זיא האט דערינען גיהאט איין אנדער ציעל. דאס וועלין מיר שפעטער וויסן יעצט ווען מיר גייען אריין ציא זייא איז שוין משה אלט פינף אונ פערציג יאהר אין מעסעלע 38 יאהר.

מיר טרעפין זייא יעצט ביידע זיך אין צימער טרינקענדיג טייא אין שפרעכין צווישען זיך דיזין גישפרעך.

דיא ווייסט משה אז זלמן דער סוחר גיפעלט מיר עפעס פאר קיין סוחר נישט — האט גיזאגט מעסעלע אויס טרינקענדיג איר גלאז טהיי — ער האט גאר קיין צורה נישט פין קיין כוהר. עפעס גנבהט ער ביי זיך אליין די רייד. אט זאגט ער אז ער איז אגאלד הענדלער אונ אט זאגט ער אז ער האנדילט גיטע פוטערין. איך פרעג אים דיא ווערט פון מיינע צוויי גילדענע רינגען זאגט ער אז ער איז דערויף קיין סוחר ניט. פרעג איך אים דיא ווערט פין מיין גיטער שאבע זאגט ער אז ער האט קיין מאהל אזא פיטער ניט גיהאנדילט. איך קאן אים ניט קלערין וואס איז ער פאר אמענטשיל. —

ער איז א מענטש ווי אלע מענטשין — האט משה מיט אפרים פנימל גיענטפערט — נאר דאס וואס ער האט דיר גלייך נישט גיענטפערט איז דער פאר וואס ער איז היינט זייער צו טראגין. ווייל ער האט דער לייגט הינדערט רוביל ציא איין גישעפט. ניא אין אז מען דער לייגט הינדערט רוביל דארף מען שוין זיין אזוי צו טראגין? וואס זשע פאר א סוחר איז ער? האט גיפרעגט מעסעלע.

אזוי בייא דיר איז הינדערט ריביל גאר קיין געלט ניט? טאמער איז אבער ביי יענם טויזנד ריביל זיין גאנצער קאפיטאל. איז ער דאך ניט פון דיא גרויסע סוחרים וואס האבין ציא פיפציג טויזנד אדער ציא הונדערט טויזנד ריביל. דריבער אז ער האט דערלייגט אזא סומע געלט איז ער טאקי צו טראגין. איך האב אויף אים אויך גרויס רחמנות. —

שוין לאנג ביזטיא גיווארין אזא בעל־רחמנות? פרעגט מעסעלע מיט א שמייכיל. עפעס א נייעס גיווארין ביי דיר. הא משה! אין אמתין פערשטיי איך ניט וואס וויל זלמן אונ וואס גייט ער אהער?

די וועסט שוין אמענטש ווערין אריין צו קימען צי דיר אין שטיב? פרעגט משה מיט א בעהארגעניס כעס — ער איז מיינער אבאקאנטער גייט ער ציא מיר.

דיינער אבעקאנטער איז ער? פון ווענען. איז ער דאס? אין ווי ארום קאנסטיא זיך מיט אים? פרעגט מעסעלע.

איך פערשטיי ניט וועגין וואס מאכסטע מיר אזעלכע פראגעס — האט משה גיזאגט אביסיל ערשראקין אמענטש גייט אריין זאל איך אים ארויסטרייבין? גיין. דאס ניט. אבער איך האב ווייא פיל מאהל באמערקט אז דיא האסט מיט אים עפעס סעקרעטין. טאג וויא נאכט שושקעסטיא זיך מיט אים. זאג מיר. משה. דיא בעדייטונג דער פין?

איך האב מיט אים קיין שום סעקרעטין ניט — ענטפערט משה — אין וואס מאכט דאס דיר אויס אז ער גייט אריין ציא אינז? נאך דיא טובה זאל ביי אינז אמענטש ניט האבין?

יא. מיך הארט ניט אז מען טיט אמענטשין א טובה. נאר זעה אז עס זאהל דער פון קיין רעה ניט ארויס קומען. אבראנק גאט וועמען דיא טיסט אין שטאדט טובות

צוהה

צאהלט מען דיר דער נאך אפ מיט שטיינער און ביינער. דיא האסט שוין גאר פאר געסין וואס פאר אלוין דיא האסט ניהאט פון שלמהן פרישמאנן פאר דיא טובות וואס דיא האסט אים גיטאהן?? ביזט נאך היינט אויך מיט אים אגאנץ גיט ברידעריל. אין ער. ווען ער קאן דיך בייסין בייסט ער דיך. פריער זענען גיוועזן אלע נישעפטין דיינע. קיינער האט זיך אין דיין גביל ניט אריין גימישט. היינט איז אן גישטאנען פרישמאן אויף דיין קאפ אין האט פערנימען אלע גישעפטין ער שטייט שוין באלד אין איין שטאנד מיט דיר. אין ווען עס וועט אוועק אאיאהר אין נאך אאיאהר וועט ער דיך גאר איבער יאגין. דיא וועסט שוין זיין אפסולדיגע הושענא וועסט די מוזין לעקין דאס טוויס פון ווייטין.

היינטיגע צייטין דארף מען אבער זיין אזוי – זאגט משה – אין דיא אויגין איז מען מיט יענעם אגיטער ברידער. אין אונטער דיא אויגין לייגט מען אים אלעבעריגין אין דער ערד אריין. יא. ווען דיא האסט א נעצה וויא שלמהן ציא פערטרייבין פון גראראוויל. וועל איך קיין געלט נישט שפארין אבי ניב איין עצה. צי וואס זשע ניצין אימזאנסטע טענות?

דיא טענות ניצין מיר גיוויס – האט מעסעלע גיענטפערט – נאר ארבייטין איז דעם קאן איך נישט. איך זאג דיר פון שטענדיג אן דיא זאלסט זעהן עפעס איין עצה ציא שלמהן. אין ווען דיא וועסט דערינגען שוואגין וועסט די נאך אויף דער עלטער אין דיא הייזער ארים גיין. דיא זעהסט נאר נישט וויא שלמה ווערט יעדער טאג רייכער אין רייכער. ער ווערט אפ גישאטין. וואס איז ווייניג גישעפטין האט ער? אלעס איז אין זיינע הענד. אבער ווען שלמה וואלט דא נישט גיוועזן. וואלט איך דאך רייכער גיוועזן מיט עטליכע הונדערט טויזנד ריביל וויל אלע נישעפטין וואלטין אריין אין מיינע האנד. נאר וואס זאל איך מיט דיר רייידין אז דיא ווילסט מיך נישט פאלגין? אין די שרייסט אז איך זאל דיר גיבין דערציא איין עצה; איז עפעס שייך אז אמאנסביל זאל פרעגין ביי א אידענע איין עצה? דיא האסט דאך אפיטר אבעסערין קאפ פון מיר! ניא וואס וועט זיין אז איך וועל דיר געבין איין עצה ווי פטור צו ווערין פון שלמהן? האט משה גיענטפערט נאך אקארציין טראכטין – אבער וויא אזוי פטור צוא ווערין באקע אויף אייביג. –

וואס ווילסט די זאל זיין? – זאגט מעסעלע – איך וויל דאס מסתמא פון מיינעט וועגין? אדער פון מיינע קינדערס וועגין? וועלכע איך האב דיר גיבראכט פון דעם ערשטין מאן. אז אך אין וויי איז מיר! איך ווייס אויך פון אוועלט. ציא איך ווייס פון קינדער ציא איך ווייס פון עפעס? איך לעב אפ א וועלט אומשטיינס גיזאגט אויף שונאים גיזאגט גיוואורין. דער נאך שטארב וויא אנאר. וואס? איך וועל דאך בכתובה מיט נעבען אין קבר? נאר וויא דיא מעשה איז. איך מיין גאר פראסט חיא באלד דיא האסט אזא גילדענע עצה ציא שלמהן פאר וואס האסט די ביז יעצט נישווייגין? דער פאר וואס איך האב ביז יעצט קיין עצה נים ניהאט – האט גיענטפערט משה מיט אשמייכיל.

האסט די ערשט אין דער מינוט באקלערט איין עצה? עס קאן נישט זיין! פאר וואס קאן נישט זיין?

אזוי. וויל דיא פלעגסט שטענדיג זאגין אז דיא קאנסט זיך מיט אזא נישעפט נים פערנעמען. נאר מען מוז דערצו האבין אזא מענטשין וואס פערנעמט זיך גאר דער מיט – האט

הט מעסעלע געזאגט אין פון אירע אויגן האבן ארויס געשטראלט שטראלען פון פרייד! — ניא האב איך היינט געפינען דעם מענטשן וועלכער פערגעסט זיך דער מיט. אזוי? האט מעסעלע מיט פרייד אויס געשריען — דאס איז אפשר דער ר׳ זלמן? היינט פארשטייא איך שוין אלעס.

אבער יא דיא פארשטייסט שוין אז קיין פראסטע סעקרעטין האב איך מיט אים ניט האט זיך משה אן געריפען מיט גדלות? יא איך פערשטיי שוין וואס דאס איז פאר א סעקרעט. נאר איך קאן ניט פערשטיין וויא ארום קומט זלמן ציא דיר. און פון וואנען קאנסטע זיך מיט אים האט מעסעלע גיפרעגט.

וואס פארשטייסטע דא נישט? ענטפערט משה — אז מען דארף דעם גנב שניידן מען אים פון דער תליה איך האב בעדארפט זלמנ׳ן האב איך אים בעקומען. זלמן איז זייער א ספּעציאליסט ציא דעם געשעפט.

רייענדיג דיזע רייד איז דער וויל אן געקימען דער משרת און באמאלדין אז א געוויסער מענש מיט דעם נאמען זלמן פרעגט זיך אויף דעם הער

הייס אים ארײן — האט משה געזאגט רויט ווערענדיג —

דער דינער איז אוועק און זלמן איז ארײן,

זייער אוילקאמענער נאכט האט מעסעלע געזאגט ציא זלמנ׳ן אלס ער איז ארײן. זעצט זיך — האט משה געזאגט — און האט זלמנ׳ן א שטיל געוויזין.

זייער רעכט וואס איר זענט געקומען — הט מעסעלע געזאגט נאך אקירצין טראכטין מיר האבין דא ערשט גירעט פון אייך.

האט איר חאטשע גירעט פון מיר ציא גוטין? פרעגט זלמן שטייבילדיג;

עס איז אייך געוויס ציא גוטין און אונז אפשר אויך — האט משה געענטפערט און האט געווינקען ציא זלמנ׳ן דאס ער מעג ריידין אפינטליך.

דאנק איך אייך זייער וואס איר האט מיך ציא גוטין דערמאנט.

און מיר דאנקען אייך פאר דער עצה וואס איר גיט אינז.

פאר דער טובה וואס מען צאלט אפ קומט קיין דאנק ניט.

ניין. זאגט דאס ניט אפט קריגט מען נישט קיין טובה אפילו פאר געלט זאגט מעסעלע, יא עס איז אזוי — ענטפערט זלמן — אבער ניט היינטיגע צייטין גיפינען זיך אזעלכע בולוואנעס וואס זאלין פאר געלט קיין טובה ניט וועלין טיהן. היינט פאר געלט קריגט מען אין פייער אין — אין וואסער. איר וועט זעהן וויא פאר געלט וועל איך אייך מאכין אלעס וואס איר ווילט; איך וועל אייך מאכין אז שלמה זאל אויף דער וועלט ניט זיין. און איר ר׳ משה וועט ציא נעמען אלע זיינע געשעפטין און איר וועט פערדינען וואס? טאקע ווייטער געלט. פאר שטייט איר שוין אז פאר געלט טוט מען אלעס. געלט איז דיא וועלט! יא מיר פארשטייען אלעס. נאר מיר וואלטין וועלין הערין פון אייך וויא פיל געלט איר ווילט און וואס פאר איין עצה איר האט דער ציא? האט מעסעלע גייגערוג גיפרעגט.

וואס איך וועל טיהן דער צוא — זאגט זלמן מיט איין אויס געצויגענים — טאן איז ניט אייער געשעפט. נאר וויא פיל געלט איך וויל קאן איך אייך זאגין איך וויל צעהן טויזענד רובל. צעהן טויזענד רובל?! — האט מעסעלע אגעשריי געמאכט ערשראקין — וואס רעדט איר ר׳ זלמן?

דאס וואס איר הערט.

פאר וואס קומט אייך אזוי פיל געלט?

דער פאר וואס איך וועל זיא נעמען שלמה'ן פון גראדאוויל.

משה איז געווארין בלאס וויא דער טויט. נאר באלד האט ער זיך געשטארקט און האט באשלאסין געזאגט! עס איז גיטא קיין טענות. איר האט ביוא מיר דיא סוממע געלט. נעמט זיך זיא אייער געשעפט.

?

משוגעת! האט מעסעלע נישריגין – דיא ווייסט וויא פיל געלט דיא גיסט אים צעהן טויזנד רובל! עס איז ניט קיין קליינינגקייט. נוא נוא – האט משה געזאגט ערשראקין – האב איך זיך אויס גירעט איז פערפאלין. איך האב טאקע געוואלט – זאגט זלמן קאלטבליטיג – איר זאלט מיר אט שוין באלד געבין האלב פון דער סוממע.

מעסעלע האט זיך ביי דיא ווערטער אטרייסיל גיגעבין פאר שרעק און האט מיט ציטערניש גיענטפערט. וויא פיל זאגט איר – ווילט איר געלט?

וואס קאנט איר דאה ניט בארעכענען? – האט זלמן מיט דער וועלביגער קאלטבליטיגקייט געענטפערט האלב פון צעהן טויזנד איז פינף טויזנד. דיא סוממע וויל איך איר זאלט מיר באלד [illegible]. עס איז נאך אלץ ווייניג וואס איר ווילט – האט מעסעלע מיט דעם געענטפערט איך זאג אייך שוין אז אויף אזא אויפין וויל איך מיט אייך ניט האנדלען. –

ווען איר ווילט ניט דארף מען ניט. איר וועט קומען מיך בעטין. האט זלמן באלט געענטפערט און איז אוועק. –

3

## דיא פארזארגטע פאר פאק

אלס זלמן איז אוועק זענען דיא פאר ר. ה. משה מיט מעסעלען גיבליבין זיצין זיא צוויי שטילע טויבין. משה'ן האט גיקלאפט דאס הארץ דאס מען האט גיקאנט פון ווייטין הערין דיא קלעפ.

וואס האב איך דאס גיטין? האט ער זיך אליין גיפרעגט. איך האב זיך אליין אומגליקליך גימאכט: זלמן איז אוועק שטארק בייז אויף מיר ער וועט געוויס גיין אין פאליציע אין מעלדען מיין אלטין נאמען.... דאן בין איך דאך אומגליקליך. איך האב זיך גאר ניט בארעכינט מיט וועמען איך האב דאה גירעט. היינט ווער ווייסט וויא פיל זלמן וועט וועלין געלט. ער וועט שוין מעני זאגין וויא פיל ער וועט וועלין און איך וועל מוזין געבין. קיין אנדער עצה איז ניטא. ווען ניט בין איך פארפאלין מיט דיא ביינער.... יא. מען מוז גיין. האט ער נאך אקארצין טראכטין ווייטער גיזאגט. מיר מוז אראפ ציא זלמן; אים איבער בעטין און טאקע ליידין אויפין טיש.

פינה

פינף טוזינד מזומנים. איך וועל דער ציא גאר ניט דער לייגין. זלמן פארדינט דאס געלט ארענטלעך: ערשטינס וועט ער מיר פאטערן שלמהן פון גראדאוויל וועל איך דאך דער זעהען אנייע וועלט פאר זיך. אלע זיינע גישעפטין וועלין אריבער אין מיינע הענד; צווייטינס קומט אים דאס געלט הער פאר וואס ער שווייגט.... ער קאן דאך מיך אומגליקלעך מאכין... יא מען מוז גיין. עס העלפט ניט!

דאס זעלבע האט אויך מעסעלע גיקלערט: זיא האט שוין – וויא עס ווייזט אויס – אויך חרטה גיהאט וואס זיא האט זלמען אוועק גילאזין אזוי אינציפרידין. אין האט שוין ביי זיך רעכט גימאכט געבין זלמען פינף טווענד ריביל.

וואס וואלט איך דערלייגין ווען איך זאל געבין זלמנען פינף טווענד ריביל? – האט זיא ביי זיך גיטראכט. – זלמן וואלט דאס גיוויס פערדינט, דען ביא מיר וואלט ווערט גיוועזן. צוואנציג טויזנד רוביל אפי' שלמה זאל ניט זיין. אין גראדאוויל. אלע זיינע גישעפטין וועלין אריין צוא מיר אין האנד. וועל איך רייכער ווערין מיט עטליכע הונדערט טויזנד רוביל. איך וואלט ערשט דערזעהן אנייע וועלט פאר זיך. היינט וואס האב איך גימאכט? זלמן איז אוועק אונצופרידין. דען איך האב אים שטארק באליידיגט וואס וועל איך אים טאהן אז ער וועט אוועק צוא שלמהן אין וועט אים דער ציילין אלע זאכין וואס מיר האבין מיט אים אפ גירעדט אין שלמה וועט אים אפ צאהלין דאס איינענע געלט אז ער זאל פארקערווען דיא בלאט אויף הער אנדערער זייט?... דאן זענען מיר דאך אומגליקלעך? מיינע שונאים וועלין דער לעבין אין מיר אנקמה. אין עס וועט שוין אויס קומען וויא מען זאגט; אויף יענעם גיטראכט אויף זיך גימאכט. – זלמן איז אביטערער יונג. איך האב דאס פארשטאנען פון דעם ערשטין. קוק מיט אים איז שרעקליך זיך אן צוא הייבין. מיין הארץ ציטערט אין מיר שטארק. גאט ווייסט! גאט ווייסט! וואס דערפין קאן ווערין?....

נאר אמענטש קלערט שטענדיג איבער דער נאטיר – האט זיך מעסעלע גיטרייסט עס איז גאר ניט אזוי דיא מעשה וויא איך רעכין. פאר אזא מענטשין וויא זלמן האט מען זיך ניט וואס צוא שרעקין. אפילו ווען שלמה וועט אים באצאהלין ער זאל מיך אומגליקלעך מאכין? גרעסערע מענטשין פון אים האט מיין משה דער שטיקט אונטער דעם אויבין. וועט ער פאר אזא מערזאוועץ ציטערין?.... דיא ווערטער האט מעסעלע גיזאגט מיט שטאלץ אין האט זיך אליין פערוואונדערט וואס גאט האט איר גיגעבין אזא מאן אויף וועלכין זיא קאן זיך פאר לאזין. נאר זיא האט נאך ניט צייט גיהאט ענדיגין איר טראכטין איז משה צוא איר צו גיגאנגען מיט איין אומעדיגין גיזיכט אין האט גיזאגט. דיא ווייסט מעסעלע אז איך האב שטארק חרטה וואס איך האב זלמנען ניט גיגעבין דיא פינף טווענד רוביל?

אלם מעסעלע האט דער הערט דיא ווערטער פון איר שטאלצין משהן אויף וועלכין איר גאנצע האפענונג איז גיוועזין דאס ער וועט ציא איר קיין שלעכטס ניט דערלאזין איז זיא גיבליבין שטארק ערשראקין אין שוואך. איר גאנצע שטאלץ איז פון איר אפ גיטרעטין. אלע פריערדיגע גידאנקען זענען אזוי וויא ארויך אוועק מיט אשוואכע שטימע האט זיא גיענטפערט: איך האב שוין אויך שטארק חרטה וואס מיר האבין זלמנען אוועק גילאזין אונציפרידין. –

איך קער אריבער גיין ציא זלמנען אים איבער בעטין – האט משה מיט דער זעלבינער אומעדיגקייט גיזאגט – דען איך ציטער זייער פאר אים. אבוואהל עס איז ניטא

וואס

דאס ציא שרעקין זיך פאר איהם – האט מעסעלע גיזאגט – דאך וואלט איך דיר אויך זאגין אז דיא זאלסט גיין אים אפ גיבין דיא פינף טויזענד רובעל אין לאז ער זיך נעמען ציא דער ארבעט. מיר וועלין מיט גאטס הילף דער ציא נישט דער לייגין

משה איז אוועק ציא זלמנען. אין מעסעלע איז גיבליבין אליין.

---

[illegible]

## דיא אונצופרידענע פרויא.

אלס מעסעלע איז גיבליבין אליין ויצין אין זאל האבין טויזענדער גידאנקען אין גיהויבין שוועבין איבער איר קאפ. זיא האט גאר גיט גיקאנט פארשטיין וויא קימט דאס אז איר שטאלצער משה זאל איין בייגין דעם קאפ פאר אזא מארזאוועץ וויא זלמען זיא האט זיך אנדערש גיט איין גירעט גאר אז משה האט מיט זלמען און אזא סעקרעט און וועלבין זיא ווייסט גיט. ווייל משה לייקענט פאר איר. איר האט זיך אויסגיוויזען אז זלמן מיט משהן ווילין זיא אומגליקליך מאכין זיי טראכטין פרעגער וויא זיא ארויס פראוואדען פין שטוב. — אקשיא אויף אמעשה? האט זיא ציא זיך אליין גיזאגט אלם משה איז ארויס. אפשר וויל ער גאר נעמען אמיידיל? דיא שווארץ יאהר קאן אים וויסין? עפעס זינט ער האט זיך באקאנט מיט זלמנען איז ער גאר איין אנדער מענטש גיווארין. ער גייט שטענדיג אים מעלאנכאליש אין פארטראכט. טאג אין נאכט שווייגט ער זיך מיט זלמנען. איך ווייס? איך ווייס וואס דער פין קאן זיין? אמיידיל האט ער פין שטענדיג און גיט פיינט.... שוין גיט איין מאהל.... גאר וואס זאל איך מאהן? איך קאן דער ציא גיט העלפין; אז איך בין בייא אים גאר אזוי וויא אפאליבאווניצע. קיין קינדער האב איך מיט אים גיט. אז ער וויל קאן ער מיר היינט אדער מארגין געטין. קיין באוואריעניש אז אויב ער וועט מיר וועלין געטין זאל ער מיר געבין אגעוויסע סוממע געלט – האב איך גיט. וויא פיל מאהל איך האב שוין גיפרובט בייא אים בעטין מיט גיטין און מיט בייזין ער זאל מיר אפ שרייבין דעם טויער און איך קאן דאס בייא אים גיט אויס פירין. – נוא היינט וואס איז מיין לעבין?... איך וועד פארפינסטערט פאר אזא אלטין מאן. און ערשט טאמער שטארבט ער אוועק בלייב איך וויא אויף דעם וואסער. מיט דעם גיטס וואס וועט בלייבין וועל איך זיך גיט קאנען פאלוועוועץ. ווייל איך האב מיט אים קיין קינדער גיט. וועט ער גיוויס זיין געלט אפ שרייבין אויף חברה-קדושה. שמשים כלי קודש. ארעמעלייט. און זיי וועלין ציא נעמען איין גאנץ געלט. און איך?... מיך וועט ער גאר גיט אין זינען האבין. איך וועל מעגין נעמען דיא פארבע אין ארום גיין איבער דיא הייזער טאמער וועל איך זיך היינט גיט פאר זארגין. וועט שוין דער נאך זיין פאר פאלין. איך וועל מיך דער ציא גאר גיט קאנען העלפין. היינט איז מיין צייט זיך ארום ציא קוקין. —

יא. אזוי בלייבט דאס פריער דארף איך וויסן וואס פאר סעקרעטן האט ער מיט זלמנ'ען. אין דאס קאן איך לייכט וויסן. דען אז איך וועל זלמנ'ען ערליך בעצאהלין וועט ער מיר אלעס דער ציילין. ער וועט מיר נאך געבין איין עצה וויא זיך ציא בעווארענען. אז איך זאל צום סוף קיין נאר ניט בלייבין.... מיט איין ווארט מיט זלמנ'ען קאן איך אלעס אויס פירין. — היינט האב איך ערשט הרטה וואס איך האב אים אזוי שלעכט בעהאנדילט. איך האב גאר ניט פאר שטאנען וויא ער איז מיר ניציג — נאר איך קאן נאך דער ציא העלפין. איך וועל זלמנ'ען איבער בעטין. אז ער וועט דער זעהן פאר זיך פרישע טווענד רוביל וועט ער בעסער ווערין — ניא אדאנק גאט וואס איך האב זיך בעצייטינס ארום גיקוקט.... אין דעם האט מעסעלע אויף גיהערט ציא טראכטין דען דיא טיר האט זיך גיעפינט אין משה איז אריין —

ניא וואס איז בייא אייך גיבליבין? האט מעסעלע פריינדליך גיפרעגט משה'ן אלס ער איז אריין.

וואס וויל׳סטע זאל בלייבין? האט משה מיט איין אומעריגין טאג גיענטפערט — ער האט ציא גינומען דאס געלט אין האט גיזאגט אז ער וועט זיך נעמען ציא דער ארבעט. —

איך פאר שטייא דאס נישט זאל איך אזוי גיזינד זיין — האט מעסעלע גיזאגט. פאר וואס האסטי אים נישט גיפרעגט ווען וועט ער זיך נעמען ציא דעם גישעפט אין וויא וועט ער גימעלדעט זיין? ער קאן נאך חלילה טאהן אזא מעשה רע אז מיר זאלין אין איין אומגליק אריין פאלין. — איך האב אים גיפרעגט — האט משה גיענטפערט — נאר ער האט מיר גיענטפערט דאס זעלבע וואס דיר: וואס איך וועל טאהן איז ניט אייער גישעפט. איר וועט זעהן אפארטיגע זאך. מיין האב איך נאך פון אים קיין ווערטער ניט גיהערט.

מיין האט ער מיט דיר גאר ניט גירעט?

יא. ער האט מיך גיפרעגט ציא שלמה האט ערגיץ אין איין אנדער שטאדט נאך איין האנדיל מיט יעמאנ[...]ין. ציא האט ער נאך ערגיץ אגעשעפט. ער האט גיזאגט דען ער דארף דאס נייטיג וויסין. —

ניא וואס זשע האסטי אים גיענטפערט? האט מעסעלע גיפרעגט ערשראקין.

איך האב אים דערציילט — ענטפערט משה — אז אין דער שטאט רידאנאוו האט ער אהאנדיל מיט אבראשקען וואס האט אציקער פאבריק. בייא וועלכין שלמה נעמט ציקער אין קרעדיט. דיכט זיך אבראשקע הייסט ער? הא מעסע?

דער שווארצער יאהר ווייסט אים מיט זיין נאמען.

איך האב דיכט מיר קיין טעות ניט? אין זיין פאמיליע ווייס איך ניט. —

יא ער הייסט אבראשקע. האט מעסע גיענפערט. נאר איך פארשטיי ניט וועגין וואס דארף ער דאס וויסין. גאט גיים וואס ער וויל דא אן מאכין. מיין הארץ שרעקט מיר זייער מיר זאלין נאך דא באהיטע גאט אין איין אומגליק נישט אריין פאלין. —

מיין הארץ שרעקט מיך אויך ענטפערט משה.

פון דעסט וועגין — זאגט מעסע האט מען גידארפט מיט אים איבער רײדין, פרעגין אים וואס וויל ער דא טאהן. דיא ווייסט גימו? ער וועט דא מארגין זיין?

יא. ער וועט דא מארגין זיין — ענטפערט משה — ער האט מיר פארשפראכין יעדין טאג ציא באזיכין. חאטשי איך בין ניט גיוועז ציא פרידין פון זיינע וויזיטין. —

שוויג

קוזינ - זאגט מעסע לאז ער גיין. אפשר וועלין מיר פארט ערפארין וואס ער וויל מיט שלמהן. —

פון מיינעט וועגין זאל ער גיין. האט משה גיענטפערט.

5

## דער נייער בן בית

פון דעם וועלכינין טאג האט זלמן אן גיהויבין באזיכין משהן יעדין טאג. ער איז דארטין גיווארין אנאנגעצער בעל הבית. ער איז מיט זייא אזוי באקאנט גיווארין דאס ער פלעגט דארט כמעט עסין, טרינקען און שלאפין. און אלעס עס איז אוועק גיגאנגען עטליכע וואכין. האט ער גאר פארלאזין זיין אלטע קוואטיר און איז אין גאנצין אריבער צייא משהן; מיט מעסען האט ער גירעדט - וויא מען זאגט - אויף איין גראשין. דיא האט אים גיגאסין גאלד אין האלדז אריין. און האט צייא אים שטענדיג גיוויזין אפריילכע מינע. דען זיא האט אלין גירעכינט אז זיא וועט אים דער מיט קויפין. אונ ער וועט איר דערציילין פון אלע סעקרעטין וואס ער האט מיט משהן. — דער ווייל האט זיך זלמן גיפינען אין אשמארץ גרוב. אים האט נאר גישט גיפעלט: עסין אין טרינקען האט ער גיהאט פון דעם בעסטין. מיט איין ווארט ער האט גילעבט וויא גאט אין אדעס. —

מיט זיין טאווארישׁ עליושקע פלעגט ער זיך זעהן אלע טאג. ער פלעגט דערציילין פון אלע נייסין, וואס בייא אים גייט פאר - און עליושקע האט אויך ניט ערגער גילעבט פון זלמנען. דען אלעס פלעגט אים זלמן טראגין פון משהן; סהיי צוקער, וויין און געלט. זיי האבין זיך אליין בעשיידעט אויף ווייטער לעבין. און האבין גידאנקט גאט וואס ער האט זיי צייא גישיקט אזא טייערין גאלדענים גישעפט.

עס איז אוועק אמאנאט צייט זינד זלמן איז אריבער צייא משהן. אין מעסע מיט משהן האבין זלמנען ניט גיפרעגט וואס ער קלערט צייא טאהן מיט שלמהן. דען זיי האבין גירעכינט אז זלמן וועט זייא אלעס אליין דער ציילין. נאר ענדליך אלעס דיי האבין דער זעהן אז זלמן שראגט זיך צייא זיי ניט אן צייא דער ציילין. האבין זייא אים איין מאהל זיצענדיג בייא דעם טיש גיפרעגט; ווען קלערט איר צייא ענדיגען דאס גישעפט מיט שלמהן? עס איז שוין אוועק גיגאנגען אזוי אלאנגע צייט און מיר זעהן נאך פון אייך קיין שום ארבעט ניט ארויס —.

מיין ארבעט איז שוין כמעט וויא גיענדיגט — האט זלמן גיענטפערט נאר איר ר משה וועט זיך היינט מוזין מטריח זיין אריבער גיין צייא שלמהן; גיוואר ווערין ווען ער פארט קיין זיראנאוו צייא דעם הער פון דער צוקער פאבריק.

צייא וואס דארפט איר דאס וויסין? איז משה דערשראקין גיווארין אין גיפרעגט.

מסתמא אז איך שיק אייך איר זאלט גיוואר ווערין דארף איך דאס וויסין . וואס פאר שטייט איר דאס נישט ? האט זלמן מיט אשמייכיל גיזאגט .

איך פארשטייא – ענטפערט משה – נאר איך פארכט מיר אז מיט דעם וואס איך וועל גיין צוא שלמהן גיוואר ווערין ווען ער פארט קיין רידאנאוו אין דער נאך וויא איך פאר שטייא אין אייער שמייכיל – וועט ער דאך שוין ניט קומען צוריק . קאן איך דאך אין איין אומגליק אריין פאלין . דיא גאנצע שילד פון זיין טויט וועט פאלין אויף מיר . –

אזוי ? האט זלמן מיט איין אויס ניצווינגענים טאן גיזאגט – איר רעכינט גאר דאס מיר וועלין אים אופין וועג טויט שלאגין . נוא אויב איר רעכינט אזוי האט איר זיך מאקע וואס צוא שרעקין . וואס וועט זיין אז איך וועל אייך זאגין אז שלמה וועט פון דער רייזע קומען צוריק צוא הויזע ? האט ער זיך שוין נים וואס צוא שרעקין ?

נוא וואס וועט זיין אז ער וועט קומען צוא הויזע ? האט מעסעלע גיזאגט – ווען וועט איר ענדיגין אייער גישעפט ? . . .

זעהט איר דאס איז אפראגע – האט זלמן גענטפערט – וואס קאנט איר דא ניט פאר שטיין ? איך וויל מסתמא בייא אייך קיין געלט אומזאנסט ניט נעמען .

וויא דען ? האבין ביידע משה אין מעסעלע גיפרעגט .

וויא דען ? ענטפערט זלמן גילאסין – אז שלמה וועט קומען צוא הויזע וועט ער דא אין דרויי – פיהר טאג ארום שטארבין . נוא היינט פאר שטייט איר שוין אז אויף אייך וועט קיין שום פאראזרעניע נישט זיין . דען ער וועט שטארבין בייא זיך אין דער היים מיט אנגעוויינליכען טויט . – פון דעסט וועגען פארשטייען מיר נישט – האבען וויוטער ביידע געזאגט צוא וואס דארפט איר ער זאל פארען קיין רידאנאוו צוא דעם העד פאן דער צוקער פאבריק ?

נוא דאס וועט איר מאקע נישט פארשטיין . האט זלמן לאכענדיג גיאנטווארט . דאס פארשטייא איך נאר אליין בייא מיר אין וואס איך טהוא איז מיט גאטעס הילף נישט שלעכט , אונ איהר זאלט זיך נאר גישט שרעקען נאר גייט היינט צוא שלמהן . אין ווערט געוואהר ווען ער פארט קיין רידאנאוו דען עס האט בעדארפט אהן קומען אבריף . פאן דעם העד פאן דער ציקער פאבריק . אין דיזער מינוט האט זיך די טיר גיעפענט אין דער בריף טרעגער איז אריין געקומען מיט איין בריעף אין דער האנד דאה וואהנט העדר ברענמאן האט ער געפרעגט ציא מאכענדיג דיא טהיר .

דאס בין איך האט זלמן גיאנטווארט .

עס איז ציא אייך אבריף פאר האנדען – האט דער בריף טרעגער גיזאגט אין האט אים אבריף דער לאנגט .

זלמן האט זיך פארנייגט אין דער בריף טרעגער איז אוועק .

נוא ליין נאר וואס שרייבט מען דיר ? האט משה נייאגעריג געפרעגט .

זַלְמָן הָאט אוֹיךְ גֶעֶעסֶינְט דֶעם קָאנְוֶוערְט אִין הָאט אָן גִיהוֹיבְּן צוּא לֶעזְין ;

בֶּעסְטֶער פְרַיינְד הֶער בְּרֶענְמַאן !

אַייֶער גֶעבִּיטֶע וָואס אִיר ... גִיבֶּעטֶען אִיךְ זָאל אַרוֹיס שִׁיקֶען צִיא שלמה פרישמאן אַבְּרִיף אוּנְטֶער דֶעם נָאמֶען פוּן מַיין בַּעַל הַבַּיִת. הָאבּ אִיךְ דֶער פִּילְט אִין טַאקֶע אִין דֶעם זֶעלְבִּיגֶען טָאג וָואס אִיר הָאט דֶער הַאלְטֶען אַייֶער בְּרִיף וֶועט שְׁלֹמֹה דֶער הַאלְטֶען זַיין בְּרִיף. – אִיךְ הָאף דָאס מַיין סִיה וֶועט נִישְׁט זַיין אוּמְזָאנְסְט אוּנ אִיר וֶועט מִיךְ בַּאפְרִידֶעגֶען אַזוֹי וִויא אִיר הָאט מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען אוּנ אַייֶער בְּרִיף. אִיךְ פַּאר בְּלַייבּ אַייֶער אַמָאלִיגֶער גִיטְרַייֶער פְרַיינְד אהרן גלאנצמאן ;

נוּא ר' משה אִיר מֶענְט שׁוֹין גִיין צוּא שלמהן – הָאט זַלְמָן גִיזָאגְט אַלְס עֶר הָאט גִיעֶנְדִיגְט זַיין בְּרִיף.

יָא. אִיךְ גֵייא הָאט משֶׁה גִיעֶנְטְפֶערְט עֶרְשְׁרָאקֶין – אִין אִיז אַוֶועק.;

---

6

## שְׁלֹמֹה'ס בִּיָאגְרַאפְיֶע

אִיךְ רֶעכִין דָאס דִיא לֶעזֶער וֶועלִין זִיךְ בֶּעמִיהֶען אִין אוֹיךְ אַרַיין מִיט מִשֶׁהן צוּא שְׁלֹמֹהן דֶען אוּנְז אִיז דִיזֶעס גֵייטִינג צוּא דֶער גִישִׁיכְטֶע. נָאר אֵיידֶער מִיר וֶועלִין אַרַיין טְוִוין מִיר פְרִיעֶר וִיסִין צִיא וֶועסֶען אִין צוּא וָואס פַאר אַיין מֶענְטְשִׁין מִיר גֵייֶען אַרַיין. אִין אוּם דִיזֶעס אַלֶעס צוּא וִויסִין טוּו אִיךְ אַייךְ זַיין קְלַיינֶע בִּיָאגְרַאפְיֶע דֶערְצֵיילִין. שלמה פרישמאן אִיז גִישְׁט גִיוֶועזְן קֵיין גִיבּוֹירֶענֶער פוּן גְרָאדָאוִויל. דֶעזִי וַוייגֶע וָואהלְטְהֶעטֶער גִיעֶלְבֶּע הָאבִּין אִים פוּן קִינְד וַויים אָן עֶרְצוֹיגִין וֶוענֶען גִיוֶועסִין אִין אַדָארְף נִיט וַוייט פוּן דֶער שְׁטָאט רִידַאנָאוו. וַויינֶע עֶלְטֶערִין הָאט שלמה נִיט גִיקָאנְט. דָאךְ הָאט עֶר דֶערְפִין גִיט גִיוְוייסְט. דֶען זַיין וָואהלְטהֶעטֶער נָתָן הָאט אִים גִילִיבְּט וִויא אַיין אֵייגֶענֶעם זָאן. אִין נָתָן'ס פְרוֹיא רִבְקָה הָאט אִים אוֹיךְ נִיט עֶרְגֶער גִילִיבְּט וִויא אִיר מַאן. דֶען זֵייא זֶענֶען שׁוֹין גִיוֶועזֶען אַלְטֶע לַייט. אִין קֵיין זִין הָאבִּין זֵיי גִיט גִיהַאט. נָאר אַיין טָאכְטֶער בִּילָה; הָאבִּין זֵיי שלמהן גִירֶעכִינְט פַאר זֵייעֶר אֵיינְצִיגִין קַדִישׁ וֶועלְכֶער וֶועט זֵייא אִיבֶּער הוּנְדֶערְט יָאהְר אַרוֹיס נֶעמֶען פוּן דֶעם גְרוֹיסִין פַייעֶר פוּן גֵיהִנֹם. –

נָתָן וִויא אוֹיךְ זַיין פְרוֹיא רִבְקָה הָאבִּין זִיךְ נִיסְטַארֶעט מִיט אַלֶע מֶעגְלִיכְקֵייטִין בַּאבִּין שלמהן פַאר אַ לַייט. זֵייא הָאבִּין אִים גִילָאזְט לֶערְנֶען אַלֶעס וָואס עֶר חָאט נָאר פֶערְלַאנְגְט; תַּלְמוּד הָאט עֶר זֵייעֶר גִיט גִילֶערְנְט; אוֹיךְ לֶעזִין אִין שְׁרַייבִּין רוּסִישׁ אִין דַייטְשׁ וִויא אוֹיךְ דִיא רֶעכֶענְקִינְסְט הָאט עֶר גִיט גִיקָאנְט דֶען צוּא דִיזֶעס אַלֶעס הָאט עֶר גְרוֹיס לוּסְט גִיהַאט. אִין נָתָן הָאט אִים פוּן דֶעם נִיט גִישְׁטֶערְט. אִין הָאט

שלמה

שלמה׳ן גירעכינט פאר דעם צוקונפטיגין מאן פון זיין איינציגע טאכטער מלכה

אויך זייער טאכטער האבין זייא גילאזט לערנען אלעס וואס היינטיגע וועלט פאדערט. מלכה איז גיוועזן זייער איין אידיל קינד. זיא האט צוא אלעס גרויס לוסט גיהאט אין האט דארורך אלעס גיקאנט. —

דיא ביידע קינדער האבין זיך גיליבט וויא שוועסטער און ברידער. זייא האבין זיך גירעכינט פאר אייגענע. דען אזוי וויא זיא אזוי האט ער אויך גירופין נחמנען פאטער אונ ריבקהן — מוטער.

אלס שלמה איז אלט גיווארין אכצען יאהר אונ מלכה איז דאמאלס אלט גיוועזן זיבעצן יאהר האט נחמן פאר גיגעבין שלמה׳ן זיין פלאן דאס ער וויל אז ער זאל חתונה האבין פאר זיין טאכטער. — בייא דיא ווערטער איז שלמה גיבליבין וויא פארשטיינערט ער האט גאר ניט גיקאנט פארשטיין וויא קאן דאס מעגליך זיין אז א ברידער זאל חתונה האבין פאר א שוועסטער. נאר באלד האט אים נחמן בארוהיגט אין האט אים אויס גיזאגט דעם גאנצין סוד אז מלכה איז אים ניט קיין שוועסטער אין ער איז אים ניט קיין פאטער. דא איז שלמה גיפאלין נחמנען מיט ריבקהן אויפין האלדז ער האט זייא גיקושט אונ גידאנקט פאר דיא פילע גוטעס וואס זיי האבין מיט אים גיטאהן. אין האט גיזאגט דאס ער נעמט זייער פערלאנג מיט ביידע הענד אן. נאר ווי פיל שלמה האט גיבעטין נחמנען ער זאהל אים זאגין ווער זיינע עלטערין זענען האט ער אים ניט גיוואלט זאגין ער האט אים נאר גיענטפערט. דאס זיין פאטער איז פערפאלין גיווארין. אין זיין מוטער איז נאך זיין פאטערס פערשוואונדונג אויך אוועק אין דער וועלט — אין דיך שלמה האב איך גינומען פון דיין מיטערס האנד אלס דיא ביזט אהאלב יאהר אלט גיוועזן״. נאך דעם גישפרעך האט מען גישריבין תנאים אין ר׳ נחמן האט גילייגט אויפין טיש. טויזענד רייניש גולדן. אונ — אין אקורצע צייט איז גיוועזן דיא חתונה. א יאהר נאך דער חתונה זענען דיא פאר פאלק ביי נחמנען גיזעסין. נאר נאך דעם יאהר האט זיך ר׳ נחמן ס רעדיל איבער גידרייט. עס איז אים גיווארין זייער שלעכט. דאס ער האט שוין ביי זיך דיא פאר פאלק ניט גיקאנט האלטין. ער האט זיי שוין ניט גיקאנט אויס האלטין מיט אלע פארגעניגען וויא זיי זענען ביי אים גיוואוינט גיווארין. האט ער זיי ענדליך גיזאגט: „מיינע קינדער! איך בין שוין אלט. אין איר זענט נאך גאר יונגע קינדער איר האט זיך אייער גרן. טויזענד רובל. הייבט זיך אן אליין צוא פערהארעווען אייער שטיקיל ברויט גאט זאל אייך געבין גליק אין אלע אייערע גישעפטין ווי איר וועט זיך קערין אין ווענדין. דאס גיב איך אייך מיין זעגין פון טיפין הארצין אין גאט זאל העלפין עס זאל מקוים ווערין ווי איך אייער אלטער פאטער ווינטש אייך״. שלמה האט פערשטאנען אז אלעס וואס דער אלטער זאגט איז זייער ריכטיג. דען ניט אייביג קאן מען זיצין ביי עלטערין אדער ביי שווער אין שוויגער אויף קעסט. האט ער זיך אנגיהויבין זוכין זיך א גישעפט. נאר ניט שטענדיג גיפונט מען וואס מען זוכט — אהאלב יאהר איז שלמה גיזעסין אין האט קיין גישעפט ניט גיפינען מיט וועלכין ער זאל זיך קאנען בעשעפטיגין. ענדליך האט זיך אים גימאכט אגישעפט דורך וועלכין. ער האט גימוזט פארין אויף אהאלב יאהר קיין גראדאוויל. דער גישעפט האט אים זייער גיגליקט. אין ער האט פערדינט פיל געלט. דער בייא האט זיך אים גימאכט אין גראדאוויל נאך אנדערע גישעפטין ביי וועלכע ער האט אויך פערדינט אסך געלט. שלמה האט דער זעהן אז גראדאוויל איז אפרנסה שטאדט. אין עס גליקט אים זייער האט ער גאר ארוים גינומען

זיין

ען פרייא מלכה קיין גראדעוואל. באלד וויא ער ז״ז אריין גיפארין האט ער זיך אויף גימייערט א שיין הויז וועלכע ער האט אויס גיפוצט מיט שיינים מעבל. ער האט זיך פערפירט אויין הויז מיט אקלייט פון אלערליי סחורות וועלכע האבין אים אריין גיטראגין גרויסע פארדינסטען. מיט איין ווארט שלמה איז גיווארין רייכער און רייכער. —

אלעס האט שלמה גיהאט: געלט, א שיין הויז. א שיין ווייב. כבוד און עהרע פון יעדען מענשין דען יעדער האט אים מיט זיין פרויא גיליבט וויל זייא זענען גיווען גוטע מענטשין. און האבין ליב גיהאט צוא שטיצין דעם גיפאלענעם מאן. דעם נויט באדערפטיגין. פון זייערע כשרה איידעלע האנד פלעגט ארויס גיין זייער פיל צדקה. און גיזעגט דער גאנצער שטאדט האבין זיי גיטאהן טובות. דער פאר האט זיי יעדער גישעצט און גיליבט. —

נאר איינס האט שלמה'ן גיפעלט. אזעלכעס וועלכעס האט אים פארביטערט זיין לעבין אין דיא אלע פריערדיגע זאכין וועגען אים ניט איין גינאנגען איבער דער איינער זאך וואס האט אים גיפעלט. — די לעזער קלערין שוין גיוויס דאס שלמה'ן פעלט א קינד. יא. איר האט גראדע גיטראפין. נאר איר קאנט אבער קיין בעגריף ניט האבין וויא אים האט דאס קינד גיפעלט. ער האט עס כמעט נישט אויס געהאלטען. אונ ער האט שטענדיג גאט גיבעטין דאס זיין פרויא זאהל אים א קינד שענקען. ער פלעג קיינעם ניט בעניידען (מקנא זיין) אויף רייכקייט אויף קענטעניסע. נאר אויף א קינד. דען ווען ער פלעגט ביא יעמאנדין דער זעהן א קליין קינד האט ער ניט גיקאנט אוועק ביז ער זאל דאס ניט אויס קישין. און זיין הערצין איז גיוועזן איין גיפלאנצט איין איבערנאטורליכע ליבע צוא איין קליין קינד. —

יעצט קאנען זיך דיא לעזער פארשטעלין דיא גרויסע פרייד פון שלמה'ן אלס זיין פרויא האט אים גיזאגט דאס זיא פיהלט זיך שוואנגער. שלמה האט גאר ניט גיוויסט וואס ער זאל טאן מיט איר. און ערשט פון דער צייט האט ער אן גיהויבין פיהלין א פרייליכין לעבין. —

יעצט וועק מיר גייען אריין צוא שלמה. טרעפין מיר אים, מיט זיין פרויא זיצין ביי דעם טיש זייער פיינע יונגע מענטשין. רייך גיקליידעט און שיין פערפוצט. שלמה האלט א בריף אין האנד און רעדט צוא מלכה'ן:

וואס זאגסטע מלכה צוא דעם בריף? אבראשקא סאקס ביי וועלכין איך געם צוקער און קלייט ריפט מיך ארויס אויף איין רעכענונג. איך ווייס אפילו ניט וואס פאר א רעכענונגין איך האב מיט אים. דען דאס לעצטע מאהל ווען איך בין ביא אים גיוועזין האב איך זיך מיט אים אפ גירעכינט און איך האב אים אין גאנצין דאס געלט בעצאהלט. היינט שרייבט ער אז ער האט א טעות גיהאט אין רעכענונג און בעט מיך זייער דאס איך זאהל קומען און גיבין. און מיר גליכט זיך זייער ניט פארין. וואס טוט מען מלכה?

איך וואלט דיר אויך זאגין דיא זאהלסט ניט פארין. האט מלכה גיענטפערט. —

איך וואלט ניט פארין — זאגט שלמה — נאר איך פורכטע דאס אבראשקע וועט מיך דער פאר רעכענען פאר א גנב. —

נוא טוא וויא דיא פערשטייסט. ענטפערט מלכה. —

אין דעם האט זיך די טיר גיעפינט עס איז אריין משה. —

אנאסט ביא אונז — האבין ביידע שלמה מיט מלכה׳ן אין איין שטים אויס גישריען!

יא שוין אצייט אז איך בין ביי אייך ניט גיוועןְ. האט משה גיענטפערט. נאר וואס ווענט איר אזוי אומעריג!

פון וואס זעהט איר אז מיר זענען אומעריג? און וויא האט איר שוין אזוי גיך באמערקט.?

ווייסט איר רען ניט אז אנאסט אויף אוויילע זעהטבאויף אמיול.

יא דיזעם האט איר גלייך גיזאגט — דאס איר ווענט אנאסט אויף אוויילע. האט מלכה גיזאגט לאכענדיג. —

ניא איז וואס האט משה גיפרעגט — איר וועט מיך אפשר באלד ארויס טרייבין? הא? —

ניין. איר וועט אליין אוועק. האט מלכה גיענטפערט.

זאהל אייך נאר נאט (שטראפין) פאר מיר — האט משה מיט אברוגזדיגען טא גיענטפערט — הולטייעס. זיי האבין גיפונען איין אלטין מאן אין לאבין אפ פון אים. טאמער בין איך צו זיי איין מאהל גיקומען זאגין זיי אז איך זאל שוין באלד אוועק גיין. —

נוא. ווער האט אייך גיהייסין קומען אין אזא צייט? האט מלכה גיפרעגט לאכענדיג!! בין איך דען אנביא?! וואס איך זאל וויסין אז פונקט דיא צייט טויג נישט? נאר פון רעסט ווענין זאגט מיר פאר וואס קאן איך ביי אייך דו צייט ניט פערברענגען? —

זעצט זיך ר׳ משה וועל איך אייך דער ציילין. האט שוין שלמה אויך ערינסט גיזאגט.

— איך זעטץ מיך שוין אבי דער ציילט!! —

נאט לייענט דעם בריף וועט איר וויסין — האט שלמה גיזאגט און האט דערלאנגט משה׳ן דעם בריף וועלכין ער האט אין האנד גיהאלטין. —

משה האט איבער גילעזין דעם בריף אונ איז גיווארין בלאס וויא ... 

וואס האט איר זיך ערשראקין ר׳ משה? האבין ביידע שלמה מיט מלכה׳ן גיפרעגט משה׳ן אלס זייא האבין דערזעהן זיין גיזיכט. —

גאר ניט — האט משה גיענטפערט זיך מאכענדיג אפרייליכע מינע פארסטע היינט עס היינט אוועק? —

יא איך רעכין היינט אוועק פארין! נאר וואס זענט איר אזוי בלאס גיווארין?! איך האב זיך ערשראקין — זאגט משה שטמלענדיג — ווייל איך האב דער הערט דעם נאמען אבראשקע אונ איך קאן דעם מענטשין פאר אמערדער פאר אשרעקליכען טיראן — וויא איז זיין פאמיליע מאקס? —

יא. ענטפערט שלמה. נאר ער איז דיכט מיר ניט אזא שלעכטער מענטש וויא איר זאגט. איך האנדיל דאך שוין מיט אים עטליכע יאהר. —

אהא: האט זיך משה אתאט גיגעבין. איך האב אטעות. ניט דעם מיין איך. דעם אבראשקעס פאמיליע איז גיווים מאקס!

יא. יא. זיין פאמיליע איז מאקס

איז דאס ניט דער וואס איך מיין. האט משה גיזאגט. אין דאס הארץ האט אין אים גיקלאפט וויא אין א גנב. —

נוא וואס זאגט איר ר' משה זאל איך פארין? האט משה גיפרעגט. —
וואס קען איך דיר זאגין. טוא וויא דיא פערשטייסט. —
איך פורכטע זאגט שלמה ער זאהל מיך ניט רעכענען פאר א גנב ווען איך וועל ניט פארין. —
צוא ליב דעם דארפסטע טאקע פארין. ענטפערט משה טראכטענדיג:

יא. איך רעכין אויך — זאגט שלמה — נאך הייגט פארין; —
אבער דיא וועסט זיך ניט לאנג זאמען; האט מלכה גיפרעגט מיט איין אומעדיגין פאן גיין, עס וועט ניט מיין גידאוערין וויא אכט טאג. ענטפערט שלמה. —

הייגט פערשטייא איך שוין — זאגט משה — אז איך קאן ביי אייך דיא צייט ניט פערברענגען. מען דארף זיך גיין זוכין איין אנדער גיזעלענשאפט. פארסטע הייגט שלמה אוועק? וועל איך זיך מיט דיר גיזעגענען. —

יא. איך פאר באלד, איך וועל נאך אפשר פערזאמען א פאר שטונדין;
פאר וועגע גיזיגנעטערהייט. גאט זאהל דיר גיבין א גליקליכע רייזע דיא זאהלסט קומען אין גיכין. בשלום אהיים האט משה גיזאגט אין איז אוועק. אין א שעה ארים איז שוין גישטאנען דיא פיר לעבין שלמה׳ס הויז. שלמה האט זיך פערפערטיגט צוא דער רייזע אין איז אוועק גיפארין. —

---

# 7

## ציינע צרות

פה איז גיקומען אהיים מיט א הארץ פיל מיט שמערצין. דעם בריף וואס ער האט גילעזין ביי שלמה׳ן פון אבראשקע האקס. האט אים גאר זיין קאפ ארויס גינומען. — וויא קומט דאס צוא אים מיין אלטער פאטגליען נאמען? האט ער צוא זיך ציטערנדיג גיזאגט. איך פורכטע דאס זלמן זאל מיך דא מיט ווייגע אופמיאבצין בעהימטע נאט אין איין אומגליק ניט ווארפין. גאט וייסט! גאט ווייסט! וואס דער פון קאן ווערין.. אונ דאס טראכטענדיג איז אים איבער גינאנגען א גרויל איבער זיין לייב. —

אלס ער איז גיקומען אהיים. האט ער חוץ זלמנען קיינים ניט גיטראפין במעט צווייא שעה האט ער מיט זיך אליין גיראנגילט אין האט זלמנען ניט גיוואלט דערציילין פון זיינע גרויסע פרישע צרות וואס ער האט ערשט גילייטין. נאר אלס זלמן האט אים גיפרעגט וואס גייט ער ארום אזוי פערקלערט אין פארזארגט. —
האט ער זיך שוין ניט גיקאנט איין האלטין. אין האט אן גיפאנגען דיא רייד:

וואס

וואס זאנסטע זלמן וואס זאנסטע ציא מיינע צרות. איך גיי ארום פשוט וויא אן אקאפ מיינע צרות זענען גאר אן אשעור. —

וואס איז — האט זלמן ניפרעגט נייגערוג.

דיא גירעדנקסט — זאגט משה — אז דיא האסט מיך ניפרעגט אויף דעם פאמיליען נאמען פון דעם אבראשעקען וועלכער האט אציקער פאבריק אין רידאנאוו. האב איך ביז יעצט זיין פאמיליען נאמען גיט גיוויסט גאר אזוי זיין נאמען. היינט האב איך זיך דורך אצופאל דער וויסט זיין פאמיליע דען איך בין ערשט גיוועז ביי שלמהן גיוואר ווערין ווען ער פארט קיין רידאנאוו אזוי וויא דיא האסט גיהייסין. האט מיר שלמה גיוויזין דעם בריף וואס איז אן גיקומען פון רידאנאוו. שטעל זיך פאר מיין שרעק אין פערצווייפלונג אלס איך האב דער זעהן דאס זיין פאמיליע איז סאקס. בין איך גיבליבין טויט דאס אשענערין לייגט מען אין דער ערד אריין. מיין גיזוכט איז גיווארין בלאס דאס שלמה מיט זיין פרויא מלכה האבין. זיך ערשראקין אויף מיר קיקענדיג אין האבין מיך גיפרעגט דיא אורזאכע דערפין. גאר איך האב זיי אפ גיקלערט אליגין אין עס איז איין גיגאנגען פאר איין אנטווארט. —

דאס איז גאר? איבער דעם גייט איר אים אזוי פערטראגין אין פערזארגט? האט זלמן לאכענדיג גיפרעגט? אויב אזוי זענט איר האט אויף מיר קיין פעראיביל ניט א. . . ? . . איך קאן אייך גאר ניט פערשטיין וויא איך בין איצט. ציא גאר איין פאמיליע סאקס איז דא אויף דער וועלט? גאר אייך איז באשערט ציא האבין דיא מתנה פון זיין ליבין נאמען? וואס האט איר זיך דען ציא שרעקין? —

איך ווייס אויך ניט וואס איך האב זיך אזוי דערשראקין. האט משה גיענטפערט. גאר אייך זאג איך דעם אמת אז עס איז אין מיר קיין טראפין בלוט ניט גיבליבין איך בי גיבלובין אזוי ערשראקין אז איך האב ניט גיוויסט אויף וואס פאר א וועלט איך בין —

פון דעסט וועגין — זאגט זלמן — פערשטייו איך ניט וואס האט איר ניקלערט זיין דער צייט וואס איר האט זיך ערשראקין? —

וואס איך האב ניקלערט — ענטפערט משה — זאהל דאס גאר ניט זיין וואס איך האב גיקלערט. פריער האט זיך מיר אויס געוויזין אז מען שרייבט שלמהן א בריף דאס איך הייס ניט משה בראש. גאר דוד סאקס. אין שלמה גייט מיך איבער געבין דער פאליציא אין ער זעהט אין מיר א נקמה פאר דעם שלעכטס וואס איך האב אים גיטוואלט טאן. עס האט זיך מיר גידוכט אז מען שרייבט אים דאס איך וויל אים אונגליקליך מאכין אין ער זאהל זיך היטין פאר מיר. איך זאג דיר עס איז מיר אריין אזעלכע גידאנקען אין קאפ אז עס איז אשרעק ציא הערין. אויפן וועג גייענדיג האט זיך מיר גאר אויס גידוכט דאס מיין ערשטע פרויא מיט דיא דריי קינדער שרייבין צוא שלמהן דאס ער זאל זיי שרייבין ציא דא גיפונט זיך אמענטש מיט דעם נאמען דוד סאקס. איך זאג דיר דעם אמת אז מיר איז אריבער אגרויל איבער מיין לייב טראכטענדיג אזעלכע גידאנקען. —

נוא גיניג ציא ריידין נארעשקייטין. האט זלמן גיזאגט. איר זאגט מיר בעסער ווען פארט שלמה קיין רידאנאוו וועט איר ניכער זעהן אין אים דיא מפלה וויא ער אין אייך —

זא. עלטה פארט היינט. ער האט געזאגט דאס און צוויי שעה ארום וועט ער דארין. ענטפערט משה.

אזוי פארט ער שוין היינט אוועק. זאגט זלמן. דארף מען שוין מאכען גיי באגלייטען אים.

אין דעם איז אריין מטעלע און האט געזאגט דאס שלמה איז ערשט אוועק געפארין. דען ער האט זיך מיט איר ערשט געזעגענט. —

נאר איך אויך. זאגט זלמן. זייט געזונד. זייט געזונד מיר זאהלין זיך דער לעבין זעהן אין גיכין און אגוטין אופין

אמן. האט משה געענטפערט.

אמן. אמן! האט אויך זלמן געזאגט און איז אוועק געפארין. —

8

## דער שרעקליכער בריף

דיא אכט טאג וואס שלמה איז ניט געוועזן אין דער היים האט זיך מלכה'ן אויס געצויגין פאר אכט יאהר. דען ער פלעגט פארין כמעט אלע חודש אין זיך פערזאמעלן צוויי - דריי וואכין. נאר היינטיגע אכט טאג האבין זיך איר מיין אויס געצויגען וויא לבעדיג. אזוי וויא דאס הארץ האט איר געזאגט דאס שלמה וועט אין דער רייזע ניט גוט מצליח. דיא גאנצע אכט טאג איז זיא געזעסין פערטרויערט און פאר זארגט איהרע אויגין האבין ניט געטרוקענט פון געוויין. עס האט איר נישט געגומען קיין עסין אין קיין טרונקען. זיא האט ניט געוויסט דיא אורזאכע דער פון; מיט דער גרעסטער אונגעדולד האט זיא ערווארטעט דעם אכטין טאג. און אלס זיא האט אים דער לעבט האט זיא זיך געזעצט לעבין פענסטער אויס קוקין אויף איר מאן אזוי ווי איין ערליכער יוד קוקט ארויס אויף משיחן. כמעט דעם גאנצין טאג אין זיא געזעסין און שלמה איז ניט געקומען. נאר אלס אויף דער נאכט איז שוין פינסטער געווארין. האט זיך דיא טיר געעפנט און עס איז אריין ניט שלמה. נאר דער בריפין טרעגער מיט אבריף אין דער האנד. אלס מלכה האט אים דערזעהן איז זיא געבליבין האלב טויט. מיט ציטערענדיגע האנד האט זיא ביי דעם ברופין טרעגער דעם בריף צוא גנומען און האט אן גיפאנגען צוא לעזין:

### מיין טייערע געליבטע פרוי מלכה

איך קום דיר יעצט בעגאכריכטין א שרעקליכע נאכריכט פון וועלכע איך ווייס דאס דיא ווייסט האבין שמערצין נאר אן אשעור. נאר איך מוז דיר שרייבין. דער אונגליק וועלכער האט זיך מיר געטראפין איז פון גאט און ניט פון קיין מענטשונגס האנד. איך האב זיך אויף קיינעם ניט צוא בעקלאגין. און מיט גאט קען זיך א מענטש ניט שלאגין. נאר הער אויס וואס מיר האט זיך געטראפין. אלס איך בין געפארין צוריק פון רוראגאוו אפארטונגער פון אלע געשעפטין וועלכע איך האב געהאט מיט מיין הערין אבראמסקע מאקס. בין איך פערפארין אויף אנאכט לעגער און אדארף ניט וייט פון

דוּרַאנָאוו. דָארְט הָאבּ אִיךְ גִיהַאט אַרוּהִיגֶע נַאכְט אִיךְ בִּין גִישְׁלָאפִין גִשְׁמַאק. וַוייל אִיךְ בִּין גִיוֶוען מִיעֶד פוּן וֶועג, אִין הַאלְבֶּע נַאכְט הָאבּ אִיךְ זִיךְ אוֹיף גִיהַאפְּט אִין בִּין אַרוֹיס אוֹיף צְוֵויי מִינוּט אוֹיף דֶער גַאס... פְּלוּצִים וְוִיא נָאר אִיךְ בִּין אַרוֹיס הָאבּ אִיךְ דֶר זֶעהְן פַאר זִיךְ אַשְׁרֶעקְלִיכֶע פִיגוּרֶע נִיט מִיט מַיין שְׁטִימֶע הָאבּ אִיךְ אַגִישְׁרַיי גִיגֶעבִּין „גְוַואלְד“ אִין דִיא פִיגוּרֶע אִיז בַּאלְד נִיט גִיבְּלִיבִּין.— פוּן מַיין גִישְׁרַיי הָאבִּין זִיךְ אַלֶע מֶענְטְשִׁין פוּן שְׁטוּבּ אוֹיף גִיוַואכְט. זֵיי וֶוענֶען אַרוֹיס גִילָאפִין אוֹיף דֶער גַאס נִיט טְווִיר נִיט לֶעבֶּעדִיג אִין הָאבִּין מִיךְ אִין שְׁטוּבּ אַרַיין גִינוּמֶען.—

עֶנְדְלִיךְ הָאבִּין זֵיי מִיךְ אָן גִיהוֹיבִּין פְרֶעגִין וָואס מִיר אִיז גִישֶׁעהֶן. נָאר אִיךְ הָאבּ זֵייא מִיט וֶוערְטֶער נִיט גִיקָאנְט אֶנְטְפֶערִין. נָאר מִיט ווִינְקֶען הָאבּ אִיךְ זֵייא גִיגֶעבִּין צוּ פֶערְשְׁטֵיין, ווָס מִיר אִיז גִישֶׁעהֶן.— דִיא מֶענְטְשִׁין פוּן שְׁטוּבּ הָאבִּין זִיךְ עֶרְשְׁרָאקִין קִיקִינְדִיג אוֹיף מַיין בְּלַאסִין גִיזִיכְט אִין אוֹיף דֶעם וָואס אִיךְ קָאן זֵיי נִיט אֶנְטְפֶערִין נָאר זֵיי הָאבִּין גִירֶעכִינְט דָאס עֶס וֶועט אִיבֶּער גֵיין.— נָאר אַלֶס זֵיי הָאבִּין דֶער זֶעהְן אַז עֶס אִיז אַוֶועק אַטָאג אִין אִיךְ קָאן נִיט רֵיידִין. הָאבִּין זֵיי צוּא מִיר גִיבְּרַאכְט אַדָאקְטֶער: דֶער דָאקְטֶער אִיז גִיקוּמֶען· עֶר הָאט מִיךְ גִיט בַּאטְרַאכְט. אִין הָאט מִיךְ גִיהֵייסִין פָארִין אַהֵיים. עֶר הָאט גִיזָאגְט דָאס אִין מִיר אִיז קֵיין שׁוּם גֶעפַאהְר נִיט דָא אִין מַיין שְׁלַאפְקֵייט וֶועט אִיבֶּער גֵיין.— יֶעצְט פָאר אִיךְ אַהֵיים. גָאט זָאל הֶעלְפִין עֶס זָאל זַיין ווִיא דֶער דָאקְטֶער הָאט גִיזָאגְט.— דַיין עֶוִויג גִיטְרַייֶער שְׁלֹמֹה פְרִישְׁמַאן.—

פֶערְפִינְסְטֶערְט אִיז מַיין וֶועלְט! הָאט מַלְכָּה אוֹיס גִישְׁרִיעֶן אַלְס זִיא הָאט דֶעם בְּרִיף גִיעֶנְדִיגְט אִין הָאט אִים אוֹיף דֶער עֶרְד אַוָוארְף גוּטִין, אַךְ וָואס פַאר אַשְׁרֶעקְלִיכֶער בְּרִיף דָאס אִיז! גָאטְט! אִיךְ הַאלְט פוּן מַיינֶע צָרוֹת נִיט אוֹיס — הָאט זִיא גִישְׁרִיעֶן — אִין הָאט זִיךְ גִירִיסִין דִיא הָאר פוּן קָאפּ. אַךְ ווִיא גֶערְן אִיךְ פְּלִינִיל אִיךְ זָאל קָאנֶען פְלִיעֶן אוּנ זֶעהֶן זַיין טוֹידְטֶעס גִיזִיכְט. אוֹי. וֵויי! מַיין הַארְץ הָאט מִיר פְרִיעֶר גִיזָאגְט דָאס עֶר וֶועט פוּן דִיזֶער רֵייזֶע נִיט גַאנְץ אִין גִיזוּנְד קוּמֶען. גָאטְט מַיין גָאטְט! עֶרְבַּארֶעם זִיךְ אוֹיף מִיר אִין בְּרֵיינְג מִיר מַיין מַאן בְּשָׁלוֹם אַהֵיים.—

דִיא גַאנְצֶע צַייט בִּיז שְׁלֹמֹה אִיז גִיקוּמֶען קָאנֶען זִיךְ דִיא לֵעזֶער פָארְשְׁטֶעלִין ווִיא מַלְכָּה הָאט גִילֶעבְּט. זִיא הָאט אֵיין מִינוּט נִיט אוֹיף גִיהֶערְט צוּא ווֵיינֶען. אִירֶע אוֹיגִין הָאבִּין קֵיין שְׁלָאף נִיט פֶערְזִיכְט. זִיא אִיז נָאר גִיזֶעסִין פֶערְוָוארְנְט אִין פֶערְקְלָאגְט. אוֹיף דֶעם צְוֵייטִין טָאג הָאט מֶען גִיבְּרַאכְט שְׁלֹמֹהן אַשְׁלַאפִין מִיט אַ בְּלַאסִין גִיזִיכְט. אִין מֶען הָאט פוּן אִים קֵיין לָשׁוֹן נִיט גִיהֶערְט.—

דִיא דָאקְטוֹירִים וֶועלְכֶע מֶען הָאט בַּאלְד גִיבְּרַאכְט הָאבִּין גִיזָאגְט דָאס אִין אִים אִיז קֵיין שׁוּם גִיפַאהְר נִיט דָא. עֶר אִיז בְּלַאס פוּן דֶעם וָואס עֶר הָאט זִיךְ שְׁטַארְק עֶרְשְׁרָאקִין. זֵיי פְלֶעגִין אַלֶע טָאג מַלְכָּה'ן טְרֵייסְטִין דָאס עֶס וֶועט גִיךְ אִיבֶּער גֵיין.—

---

## 9

## שְׁרֶעקְלֶעכֶע נַייעֶס

עֶס אִיז אַוֶועק אַכְט טָאג נָאךְ שְׁלֹמֹה'ס קוּמֶען אִין אוֹיף זַיין גִיזִיכְט הָאט מֶען אַלֶע טָאג גִיזֶעהֶן אַיין פֶערֶענְדֶערוּנְג. וָואס וַוייטֶער אַטָאג אִיז עֶר אַלְץ גִיוָוארִין בְּלַאסֶער אִין טוֹידְטֶער: עֶס הָאט אִים נִיט גִיהָאלְפִין דִיא אַלֶע לֶעקַארְסְטְוֶועס מִיט אַלֶע גוּטֶע ווֵיינֶען

האס ער פלעגט טרונקען. מלכה האט אלע מיטלען פון גיווארין איפ צוא רעטען נאר קיין שים זאך האט אים ניט גיהאלפין. אומזאנסט האט זיא אוים גישאטין איר גאנצין קאפיטאל אויף אים. אומזאנסט איז גיוועזין איר גאנצער ראטעווען. דען אויף דעם צענטין טאג צוועלף דעם זייגער בייא נאכט איז שלמה גישטארבין....

מיין פעדער ענטזאגט זיך פין צוא בעשרייבין דיא טרויעריגע סצענע וואס ביי מלכה אין שטוב איז גיוועזן אלס זיא איז גיפאלין דעם טוידטין קערפער אויף דעם האלדז אין האט יאמערליך גיוויינט. זיא האט נאס גימאכט דעם גאנצין פאל מיט אירע טרערין אין האט זיך גישלאגין מיט דיא פויסטין אין קאפף. —

נאר ניט לאנג האט מען מלכה ; זיך גילאזט טרייסטין חאטש מיט דעם טוידטין קערפער. דען באלד זענען אן גיקומען דיא חברה-קדושה וויא דיא מלאכי-חבלה אין האבין מלכה'ן אפ גירסין פון איר גישטארבענים שלמה ; יעדערער פון זיי האט איר גיזאגט דאס מע טאר צוא פיל דעם טוידטין ניט בעוויינען, עס קאן נאך שאדען דעם צוויטין. אין פאר אים אליין איז דאס אויך קיין כבוד ניט. — עס האט לאנג ניט גיהארט זענען שוין דיא שמשים פארטיג גיוועזן מיט זייער זאך אין מען האט שלמה'ן אוועק גיטראגין אין זיין עוויגער רוה...

עלענד אין פערצווייפעלט האט זיך מלכה אפ גישטעלט אין איר צימער. מיט אביטערע שטומע האט זיא גיוויינט אין גיקלאגט. זיא האט דיא נאכט אפשר צעהן מאהל גיחלשט. אין ביי יעדען מאהל האט מען זיא קאם ערמינטערט. — צוא וואס האט איר מיך צוריק אין לעבין גיבראכט. האט דיא אונגליקליכע ביטער גישריען אלס מען האט זיא ערמינטערט. ערבארעמט זיך אויף מיר אין לאזט מיך געהן ציא מיין לעבין טייערין סאלאמאן. א! סאלאמאן סאלאמאן! וויא ביזט דוא אוועק פון מיר?! איך פליה. איך פליה באלד ציא דיר! דארט אין דער אמתיר וועלט וועט אונז קיינער ניט שטערין אונזער אמתע ליבע. דארט וויא עס איז קיין פאלש גיטא ווערין זיך אונזערע זעלע איף עוויג פאר בינדין. —

דיא גאנצע נאכט האט מלכה פערבראכט אין גיוויין מיט זיפצין אונ קרעכצין. יעדער מינוט וואס זיא האט זיך דערמאנט וואס מיט איר איז גישעהן איז זיא גיפאלין צוא דער ערד טוידט. נאר אירע ליפין האבין זיך בעוועגט אונ האבין אוים גישפראכין דיזע ווערטער ; מיין טייערער סאלאמאן מיין טייערער סאלאמאן !

איר גליק איז גיוועזן וואס איר דינסט איז גישטאנען לעבין איר דיא גאנצע נאכט אין האט זיא יעדער מינוט ערמינטערט. —

אויף מארגין האט דיא גאנצע שטאדטיל גיקלינגען דאס שלמה פרישמאן איז גישטארבין. אלע האבין בעדויערט דיי יונגען טוידט. אין האבין דערויף פיל טרערין פארגאסין — נאר איין זאך האט דער גאנצער שטארט וויא אויך מלכה ; זייער גיוואונדערט : דיא גראדאווילער חברה-קדישה האבין אויף מארגין — אלס זיי האבין דער הערט דאס שלמה איז גישטארבין — דערציילט. דאס זיי ווייסין גאר ניט פון זיין טוידט. איינער פון זיי איז ניט גיוועזן ווען מען האט אים בעהאלטין אין זיין אייביגער רוה. קיינער האט ניט גיקאנט פערשטיין וואס דא איז. מען איז זאגאר גיגאנגען אויף דעם פעלד זוכין דעם נייעם קבר פון שלמה'ן אונ מען האט ניט גיפונען. עס האט אלעמען זייער גיוואונדערט. אין מלכה האט דער פון גיהאט גרויסע שמערצין נאר אן אמאס.

# 10

## אמלחמה אין מאך

מיט דער ראזינער מעשה האט גיקלונגען נאנץ נראדאוויל. יעדער האט גיזאגט זיין מיינונג װעגין שלמהן. אנדערע האבין גיזאגט דאס שדים ניט גוטע האבין שלמהן ציא גינומען. אין אנדערע האבין גיזאגט אז די היגע שמשים האבין אים טאקע בעהאלטין. נאר מען האט אים אראפ גיחאפט פון דער מיטה אים גיבער זיין פסק צוא געבין. אין טאקע דער פאר האבין דיא שמשים פארגעסין אז זיי אליין האבין אים בעהאלטין. דעם פון חדר זאגט מען ניט אוים. פיל מענטשין האבין גאר גיזאגט דאס זיי האבין גיזעהן שלמהן אים גיין אין טראגין אויף זיך פיל האלץ. אנדערע האבין אים גיזעהן אין א פוסטקע ליגינדיג אין אטיפע גרוב... מיט איין װארט אין שטאדט האט גיקאכט װעגין שלמהן.

אים דיא לעזער זאלין בעסער פערשטיין וויא דיא שטאדט האט גירוישט מיט דיזער נייעס. װעלין מיר מוזין אביין אין נראדאוויל׳ער קליינעם מארק. דאס הייסט וויא מען פארקויפט מעפף. ביים. בעקערשפלאך אין נאך אזעלכע סחורות. דיזע געסיל. (אזוויא האט מען גירופין דעם קליינים מארק) רוהט ניט דעם נאנצין טאג פון דיא קרעמערקעס וואס זיצין דארט װען מען גייט דורך הערט מען נאר דער ציילין נייעס. מיט איין װארט אין דער גאסיל ווייסט מען וואס עס הערט זיך אין שטעטיל. — דא וועלין מיר מסתמא אויך הערין דעם נייעס וועלכין מיר ווילין הערין. —

איר װעט זיך גיוויס וויגדערין ליבע לעזער װען איר װעט ציא גיין אין הערין דאס אין דער גאסיל איז עפעס שטיל. ניט אזוי וויא איך האב אייך פארגישטעלט. נאר איך וועל אייך באלד פערענטפערין דיא קשיא; מסתמא האבין דיא ווייבער — דא ניט לאנג אפ גישמועסט אגאנץ לאנגען ראזגאוואר דאס עס איז שוין ויא טריקען גיווארין אין האלדז רעדענדיג. ריהען זיי זיך אפ אביסיל. נאר שרעקט זיך ניט ליבע לעזער. איר װעט דא קיין סך ניט װארטין. דען דיא ווייבער האבין פיינט ציא זיצין ליידיג. אונ אט האבין זיי שוין אנגיהויבין ווייטער ציא ריידין: —

וואס זאגט איר עפעס וויבערלאך ציא דעם נייעם נייס? — האט זיך ארוים גיחאפט אקורצע אין אגראבע יודענע מיט אברייטין גיזונטין מויל וועלבער איז דורך אוים שווארץ גיװען — וואס זאגט איר די שטאדט קלונגט דאך שוין העמים — האט זיא גיזאגט מיט אזא טאן גלייך וויא עס פערדריסט זיא פאר וואס מען האט אזא לאנגע צייט פארגעסין דער פון צוא ריידין — שטיימש. אקינד און ווינ ווייסט דאך שוין אויך וואס מיט שלמהן דעם נגיד אלע שאלע (עליו השלום) האט זיך גיטראפין? —

וואס? וואס! האט ניפרעגט פעשא דיא תאמאוואטע וועלכע איז גיזעסין מיט דער שווארצע קאפקע און א פאטשיילע אין האט גימאכט אירע בערשטלאך. וואס זאגט איר עפעס יאכנע באשע! — זאהלט איר גיזונד זיין. —

עס איז שוין ביי מיר גאר ניט קיין נייער נייעס. האט זיך ארוים גירופין נאר פון דער לעצטער קלייט אקורצע אין אדארע יודינע וועלכע אלע האבין זיא גיהאלטין פאר אזאהל גילערענטע. וואס; יאכנא סאשא; בייא אייך איז דאס נאר אנייעס? עס איז מיר אחידוש זאל איך אזוויא גיזונד זיין. אז איר זאהלט נאר דער פון ערשט הערין? שטייטש איך האב דאך גימיינט אז איר האט שוין דער פון לאנג פערגעסין. —

דער ציילט שוין מיר אויך האט זיך אפ גירופין פון דעם צווייטין עק קלייט

אהויבע

אהויבע אין אנדערע אידענע — שטייטש זאלט איר מיר גיזונד זיין העסא לעבין. איר ווענט דאך ביי אונז אין גאקיל אפורזאגערין. ווען גיט איר וואלטין מיר דאך פון קיין שום זאך גיט גיוויבט. —

פון רעסט ווענין איז מיר אונדער — האט יכנא שאשא אן גיפאנגען צוא דער ציילין איך קאן דאס גאר גיט באקלערין אז אזא בעל צדקה וויא שלמה איז גיוועזן זאהל אים גיין אין עולם התוהו אונ זאל ליידין אזוי פיל צרות? —

אזוי?! — האט זיך שמונטשע זעלדע (אזוי האט מען גירופין דיא הויבע.) פער וואונדערט - שלמה טוז ליידין גהינם? —

וואס ווינדערט איר זיך אויף שלמהן. אז עס שטייט אין טייטש הקודש אז אפילו דער גרעסטער צדיק מוז אויך איבער גיין דיא פייערדיגע טייך...

פון רעסט ווענין פערשטייא איך גיט — האט איר שמונטשע זעלדע איבער גישלאגין דיא רייד — פון וואגען ווייסט מען דאס אז ער גייט ארום אין עולם — התוהו? —

הא. הא — האבין זיך ביידע פערשטאנדיגע יאכנא סאשע אין העשא צוא לאכט — וויא הייסט פון וואנען ווייסט מען? מען האט אים גיזעהן ארום גיין ביי נאכט אין אפיטעקע. ער גייט ארום יעדין טאג צוא חלום צוא יעדערען בעזונדער אין זאגט אז ער קאן קיין תקומה גיט האבין ביז זיין ווייב וועט אים גיבוירין אזון. איר מיינט אין אמתן אז דיא צדקה איז ביי גאט טייערער פון דעם דאוועגען? — אבער גאר לא! אט זעהן מיר דאך שוין ארוים פון שלמהן, דיכט זיך ער האט גישהיילט צדקה אין אלע גאסין. נוא וואס איז דער סוף מיט אים? איין קדיש איז טייערער פון זיין גאנצער צדקה. גאר אין אמתין גירעדט איז שלמה גיט גיוועזן אזא איי יאיי יאיי יאיי יאיי! זאהל ער מיר מוחל זיין גיט אים מיין איך די וואגט מיין איך. ער איז דאך אויך גיגאנגען מיט דעם ווייסין פלעק אויפין הארצין וויא אלע היינטיגע אפיקורסים אונ איז גיגאנגען גישארין וויא אפרוץ. גיט צום קאפ נוא אין פאות. צווישין אונז רייידנדיג האט ער דאך אויך גיט גיהאט. נאר וואס גיצט מיר ריידין אויף אים אז ער איז שוין אשתינאפאר? (אשוכן עפר) אין צווייטינס טאר מען גלאט גיט ריידין אויף אמענטשין ווייל עס הייסט דאך — גאטט זאהל מיך גיט שטראפין פאר דיא רייד. רכילות. חיינט ווער ווייסט גיט שלמהס דאוועגען? אלע ווייסין אז ער האט גיט גידאווינט וויא קיין כשרר יוד. דען איך אליין האב אים איין מאהל גיזעהן דאוונען מיט דעם טלית איבער דיא אקסיל אין גיט איבער דעם קאפ. ציצית צווישין אונז זאל דאס בלייבין — האט ער גיווים גיהאט פסילע. — ווער רעדט פון אגיטין יודין אפ לאבין איז ער דאך גיוועזן דער ערשטער. זאל ער זיך דארטין בעמיהען פאר ביידע אלטע האליוועם. נוא קאן שוין עפעס העלפין זיין צדקה?

פון רעסט ווענין רעבין איך — זאגט יאכנא כאשא — אז ער וועט קיין סך גיט דארפין ליידין. ווייל זיין ווייב מלכה — זאגט מען — איז שוין אין זיבעטין חודש. נוא וויא באלד זיא וועט האבין אקינד אזוי איז ער שוין פריי. יא. האט גיענטפערט העשא מיט איין אויס גיצויגענים טאן; ווען זיא זאל אים האבין אזכר וואלט זיין גוט. טאמער אבער הלילה זאל גאר דיא שעה גיט זיין זאהלין בעסער איין פאלין צעהן פוסטעקעס. איך בין אים חלילה קיין שונא גיט. טאמער וועט זיא אבער האבין אמיידול?... איז ער דאך אויף שלים מזל אפערפאלענער אויף אייביג. —

אויף דיא ווארטער האבין אלע אויפין גיטאקט. אין האבין אים גיוואונטשין דאס זיין ווייב מלכה זאל אים האבין אזכר. —

וואס?.. וואס דער ציילט איר? האט זיך אפ גירופין פעשא די תאמאוואטע מיט איין אויס גיצויגענים טאן ווערכע האט גאר גיט גיהערט דעם גאנצין גישפרעך. —

וָואס דֶערצֵיילְט אִיר עֶפֶּעס הֶעשֶׁע לֶעבִּין? —

דָאס אִיז אוֹיךְ יוּדִין אַמַאבָּאטְרִיפֶּענִיצֶע — (אַמַאבָּל טְרֵיפָה — גִיצֶע) הָאט הֶעשָׁא גִיזָאגְט צוּא דִיא אִיבֶּערִיגֶע חַייבֶער אוֹיף פֶּעשֶׁען. מִיר אִיז שׁוֹין טְרִיקֶען גִיוָוארִין אִין הַאלְדְז רֵיידֶענְדִיג. אִין זִיא פְרֶעגְט עֶרְשְׁט וָואס רֶעדְט מֶען. חָאטְשׁ רֵייד אִין אַזוֹי וְויא צוּא דֶער וַואנְט זִיא פֶערְשְׁטֵייט אַיךְ נָאר נִיט. בָּארֶעכֶינְט אַנַאטוֹנְג וְויא פִיל מִיר הָאבִּין דָא אָפּ גִירֶערְט וֵוייסְט זִיא אוֹיךְ פוּן קֵיין וָוארְט נִיט. —

וָואס דֶער צֵיילְט אִיר? הָאט פֶּעשָׁא וַוייטֶער גִיפְרֶעגְט. דֶער צֵיילְט אַבִּיסֶעלֶע הֶעכֶער אִיךְ הֶער נִיט וָואס אִיר רֶעדְט. —

שְׁטוּם אִין קְרִים זָאל זִיא שׁוֹין וֶוערִין אַזוֹי וְויא זִיא הֶערְט נִיט טַאטֶע דֶער בַּארֶעמְהַרְצִיגֶער! דָאס אִיז אוֹיךְ אַבִּיסִיל אִיוּדֶענֶע. זָאלִין נָאר אַזֶעלְכֶע אוֹיף דֶער וַוייסֶער וֶועלְט נִיט זַיין! טְפוּ! טְפוּ. — פֶּעשָׁא הָאט בַּאמֶערְקְט וְויא הֶעשָׁא חָאט אוֹיס גִישְׁפִּיגִין פוּן אִיר אִיז זִיא שְׁטַארְק אִין כַּעַס גִיוָוארִין אִין הָאט מִיט רְצִיחָה גִיזָאגְט: וֶועה נָאר וֶועה חִיא נֶעפֶעלְט דִיר דִיא פַאנֶע אַבִּיסִיל. קֵייעֶן אִין חְרַאקֶען זָאלִין פוּן אִיר נָאטְשׁ אִין לַייט וְויא זִיא שְׁפַּייט פוּן מִיר. גִיפֶעלְט דִיר אַמָשָׁל?! —

אַלֶע בֵּייזֶע ווִיסְטֶע פִינְסְטֶערֶע קְלָאגֶענְדִיגֶע טְרָאעֶרְדִיגֶע חֲלוֹמוֹת וָואס הָאט זִיךְ מִיר גִיחָלֶמְתְּ דִיא נַאכְט אִין יֶענֶע נַאכְט אִין אַלֶע נֶעכְט פוּן אַגַאנְץ יָאהְר. אִין וָואס הָאט זִיךְ גִיחָלִימְתְּ מַיין מַאן אִין מַיינֶע קִינְדֶער מִיט מַיינֶע אֵיינִיקְלִיךְ אִין חִיא אִיךְ הָאבּ עֶרְגֶעץ אַנִיטַּין פְרַיינְד אִין וְויא עֶס גִיפִינְט זִיךְ עֶרְגֶעץ אַיוּדֶעשֶׁער נָאגִיל. זָאל זַיין צוּא אִירֶע הָאנְד אִין פִים צִיא אִיר לַייבּ אִין לֶעבִּין. זָאל אוֹיס גִיבַּאטֶעלְט וֶוערִין; זָאהְל אוֹיס גִיקַארְנִיֶעט וֶוערִין זָאל אוֹיס גִישָׁאטִין וֶוערִין אוֹיף אִיר קָאפּ! דָאסְטֶע גִיזֶעהְן? —

נוּא וֶועל אִיךְ. אִיר שְׁוַוייגְט דֶער כְּמַארְקַאטֶער צִירָה? הָאט פֶּעשָׁא מִיט צָארִין גִיזָאגְט. חַאפִּינְדִיג אִיר פַּייעֶר טָאפּ אִין הָאט גִיוָואלְט גִיבִּין הֶעשֶׁען אִין קָאפּ. נָאר הֶעשָׁא אִיז גִיוֶועזְן כְּפְרִיטְנֶער פוּן אִיר. הָאט זִיא נָאךְ גִיכֶער גִיהַאפְּט אִיר פַּייעֶר טָאפּ אִין הָאט גִיגֶעבִּין פֶּעשֶׁען אִין קָאפּ. —

עֶס וֶועט שׁוֹין הַיינְט אֲרוּחָה אִין דַיין טַאטִין אַרַיין אִין דֶעם קֶעלְבַּאשְׁנִיק! הָאט פֶּעשֶׁע מִיט כַּעַס גִישְׁרִיעֶן אִין הָאט בַּיי הֶעשֶׁען דִיא פַאטְשֵׁיילֶע מִיט דֶעם טְשִׁיפִּיק אַרָאפּ גִירִיסִין. נָאר אַזוֹי וִוי הֶעשָׁא אִיז גִיוֶועזְן אַגִישְׁלִיסֶענֶע וַאךְ. הָאט זִיא אִין דֶער גִיךְ אַרָאפּ גִיחַאפְּט פוּן פֶּעשֶׁען דִיא קָאפְּקֶע. אִין בֵּיידֶע זֶענֶען גִיבְּלִיבִּין מִיט וַוייסֶע גִינָאלְטֶע פֶּעצִילֵייעֶנֶע קֶעפְּלִיךְ. —

אִין דֶעם אִיז צוּא גִיגַאנְגֶען אֵיין אָרֶעמֶע יוּדֶענֶע צוּא הֶעשֶׁען אִין הָאט גִיבֶּעטִין אַנְדָבָה נָאר הֶעשָׁא הָאט זִיא מִיט שְׁטָאלְץ אִין כַּעַס פוּן זִיךְ אַוֶועק גִיטְרִיבִּין. מִיר קָאנֶען נִיט ווִיסִין צִיא זִיא הָאט זִיא פוּן זִיךְ אַוֶועק גִיטְרִיבִּין וַוייל הַיינְט אִיז זִיא גִיוֶועזְן וַוייעֶר צִיטְרָאגִין פוּן דֶער שְׁטְרֵייט וָואס זִיא הָאט עֶרְשְׁט גִישְׁטְרִיטִין מִיט פֶּעשֶׁען. צוּא וְויא הָאט טַאקֶע שְׁטֶענְדִיג פַיינְט גִיהַאט גִיבִּין אַנְדָבָה. וַוייל — וְויא דִיא לֶעזֶער הָאבִּין שׁוֹין פוּן אִיר גִיהֶערְט הָאט זִיי גִיהַאלְטִין דָאס אֵיין קַדִּישׁ אִיז טַייעֶרֶער פוּן פִיל צְדָקָה. אִין דֶער מִיט אִיז זִיא גִיוֶועזְן פֶערְזִיכֶערְט. דֶען זִיא הָט גִיהַאט נִיט אֵיין קַדִּישׁ נָאר — זֶעקְס. —

---

## 11

## מֶעסְעֶם גוּטְסְקֵייט

קֶער פוּן אַלֶעמֶען הָאבִּין זִיךְ אוֹיף דֶעם נַייעֶם גִיוִוינְדֶערְט משֶׁה מִיט זַיין פְרוֹיא מֶעסְעֶ

מענטש. זיי האבן גאר ניט געקאנט פערשטיין וואס דא טוט זיך: דיא גאנצע מעשה איז בייא זיי זאנדערבאר פארגעקומען; ערשטענס האבן זייא ניט געקאנט פערשטיין צוא וואס האט זלמן גידארפט ארויס רופן שלמה׳ן מיט אפאלשין בריף אונטער דעם נאמען פון אבראשקע מאקס קיין רידאנאוו. צווייטענס האבן זייא זיך צוא בראכן דיא קאפ קלערענדיג וויא אזוי האט ער געקאנט מאכן שלמה׳ן שטום דאס ער זאהל ניט קאנען דערציילן; וואס מיט אים האט זיך גיפאסורט. נאר נאך מיין האט זיי גווינדערט אויף דעם וואס שלמה איז גישטארבן ביי זיך אין דער היים. אין קיינער ווייסט ניט וויא מען האט אים בעהאלטן. דאס הייסט אויף וועלכען ארט מען האט אים גיבראכט צוא קבר-ישראל. וויא פיל זיי האבן דערויף גיקלערט האבן זיי ניט געקאנט באקלערן וואס דא איז - אין איינעם זייער אשיינעם אוונד זעהן מיר זיצן משה׳ן מיט מעסען ביי דעם טיש טרונקענדיג טהיי. אין פירן צווישען זיך דיזין גישפרעך: -

איך קאן ניט פערשטיין - זאגט משה - וואס דא איז. וויא פיל איך האב שוין זיך דעם קאפ צוא בראכן קלערענדיג דערויף. קאן איך דאס ניט באקלערן. הער מייפיל ווייסט אים וואס ער האט דא מיט שלמה׳ן אפ גיטאהן. איך קאן גאר אזוי פי׳ קליג ניט זיין. -

איך זאג דיר - זאגט מעסע - אז דער זלמן האט אויף זיך אמיניסטערשין קאפ אין שינג זייער צוא אונזערע גישעפטן. דיא ווייסט אז ער האט דיר אסך צוא גיבראכט מיט שלמה׳ס טוידט? זיינע אלע גישעפטן זענען אריין צוא דיר און דיא האנד אין דיא קאנסט היינט פרייער אטעמען. דיא האסט ניט פאר וועמען זיך צוא פורכטען. -

יא. ענטפערט משה. ער האט מיר גיוויס גיטאהן אטובה מיט שלמה׳ס טוידט נאר מיך פערדריסט זייער דאס וואס ער וויל ניט זאגן וויא עס איז פאר געקומען דער מארד. פלייבט וועלין מיר נאך דורך אים אין איין אונגליק אריין פאלין. וועער ווייסט וואס ער האט מיט אים גיטאן?

דער פאר זאהלסטע זיך גאר ניט שרעקן - ענטפערט מעסע - זלמן לויט וויא איך האב אים דערקענט איז ער ניט קיין קינד ער פערשטייט אגישעפט. אין ווען ער מיט אפ אזאך איז וויא איין וואסער. אפ זעהן מיר דאך ארוים פון שלמה׳ס טוידט. אז קיינער ווייסט אפילו ניט וואס דא איז גישעהן? -

פון דעסט וועגן רעדן איך - זאגט משה - אז מען זאל מיט איהם קיין גישעפטן ניט מאכען נאר מען זאל אים געבין דיא צווייטע פינף טויזענד רובל ווארום דא שפילט מען זיך מיט דעם מלאך התמות געוויס זאלסט דיא זיך גאר דיזעס ניט איין רידין - האט מעסע וויא מיט אפערדרוסליכען טאהן גיענטפערט - מיין ניט אז דיא האסט שוין פאר זלמנען נים וואס צוא פורכטען. דיא ביזט שטענדיג בייא אים אין דיא האנד אין איך זאג דיר דיא זאהלסט אים מיט גיטין אפ געבין דיא אנדערע פינף טויזענד רובל. דיא זאלסט אים נאך בעטין אז ער זאהלט אויף שטענדיג בלייבין ביי אונז אין שטוב. דען. אויף יעדער טריט איז ער דיר שטארק גיציג. דורך אים קאנסטע גליקליך ווערין. דורך אים קאנסטע זעהן נקמה אין דיינע פיינד. אין ווען בעהיטע גאט עס וויל קאן ער דיך אויך אונגליקליך מאכין. דערום ראהטע איך דיר דיא זאלסט אים מארגין אפ געבין זיין געלט וואס ער האט ביי דיר פערדינט. ווארום ער איז שוין - וויא איך פערשטיי - אביסיל אין כעס דער פאר וואס מען האט אים ביז יעצט זיין געלט ניט גיגעבין. -

משה האט זיך פערטראכט אויף איניגע מינוטען אין האט ענדליך גיזאגט: יא. עס קאן שוין אנדערש ניט זיין. מען מוז אים אפ געבין זיין געלט. מיט דעם האט זיך

ניענדרונגט

געענדיגט זייער געשפרעך. און זיי זענען גיגאנגען שלאפן

---

## 12

## אגוטע עצה

איר מיינע ליבע לעזער װעט זיך געוויס װינדערין אויף מעסעלעס רייד װעלכע זיא האט פערבראכט מיט איר מאן װעגין זלמנען. אייך װעט געוויס װינדערליך פאר קומען װאס מעסעלע — רעדט אזוי גלייכגילטיג װעגין אפ גיבין זלמנען די אנדערע פינף טויזינד רוביל װעלכע משה װיל אים יא אונ גיט אפ גיבין פאר דער פריטשינע װאס זלמן װיל אים ניט דער ציילין װיא די אונטעריגע מיט שלמהן איז פארגעקומען. ביי אייך אין קאפ. פערשטייט איך קומען פאר אסך פראגעס; ערשטינס װייסט איר דאך פון דיא פאריגע קאפיטלאך דאס מעסעלע איז גאר ניט אזא גוטע. צווייטינס װייסט איר אויך אז די ערשטע פינף טויזינד רוביל װאס משה האט גיוואלט געבין זלמנען איז מעסעלע בעסער סאגלאסנא געוועזען אין אונגליק געשליידערט װערין פון זלמנען אין אים קיין פינף טויזינד ריביל ניט געבין. אין היינט איז זיא פלוצים אזוי גוט גיוואָרין צוא זלמנען, אין האט איר מאן גיבעטין ער זאהל אים אפ געבין די פינף טויזינד רוביל אין נאך אים בעטין אויף װייטער ער זאל פערבלייבין ביי זיי אין שטיב פאר א היימענשין מענטשין. נאר איך װעל אייך שוין אלעס ריכטיג ערקלערין; די לעזער גידענקען דאך געוויס אז מעסעלע האט ביי זיך בעשלאסין שליסין פריינד שאפט מיט זלמנען כדי ער זאל איר דערציילין אלע סעקרעטין װאס ער האט מיט משהן; אונ ער זאל איר געבין איין עצה װיא צוא רעטען זיך פון איר קריטישע לאגע װעלכע זיא האט ערווארטעט. ענדליך האט איר גלינגען רעכט בעפריינדעט װערין מיט זלמנען אין אקליין שטיקיל צייט. דען זלמן איז שטענדיג געוועזען ביי איר אין הויז װוי די לעזער װייסין שוין, ער האט ביי איר געגעסין. ביי איר גישלאפין. דערום איז דיזעס איר לייכט געוועזען אויס צוא פירין. אין אלס זיא איז שוין מיט אים גיטבעפריינדעט גיוואָרין האט זיא פאר אים פערציילט איר גאנצעס הערץ אונ האט גיבעטין איין עצה אויף איר צירקונפט.

ערשט דאנסמאלס האט מעסע ערפאהרין נאר אמאָדנים סעקרעט. אזא סעקרעט װעלכער האט איר גאר פשוט דעם קאפ אראפ גינומען. דען זלמן האט איר דערציילט אלעס װאס מיט משהן איז גישעהן. איידער ער איז אן גיקומען קיין גראדאוויל. —

מעסע איז גיבליבין אטווידטער מיט נאלע גלידער אלס זיא האט דער הערט אז משה האט ערגעץ אפרוי מיט דריי קינדער. װען אין דער מינוט — אין װעלכע זיא האט דעם נייעס דער הערט — זאל זיך איר גיוועזען עפענען אגריב װאלט זיא זיך גיוועזען לעבעדיגערהייט אין איר בעגראבין. פארגעסין האבין זיך פון אירע אויגין אגאנצע גיגעבין צוויי קוואלין טרערין. נאר זלמן האט זיא גיטרייסט דאס ער װעט צוא אלעס גיפינען איין עצה.

מעסע האט זיך מיט זלמנס װארטער גיטרייסט, דען זיא האט גיט גיוויסט דאס װיא באלד זלמן װעט איר געבין איין עצה װעט זיין אלעס רעכט. אין אלס זלמן האט איר גיזאגט: שרעק זיך ניט מעסעלע. איך נעם דיך אויף מיינע בייגער איז אים מעסע ארוים געפאלין אויפין האלדז אין האט עות אהייסין קיש גיטאהן. —

זלמן

זלמן איז קיין מאל ניט גישטאנען ביי דיא פרוי אז אוועקבם פערזאן זאל איס אקיש נעבין און ער זאל איר צוריק ניט אפ געבין . דא איז ער אויך קיין בעל - הוב ניט געבליבין און האט מעסען אפ גיגעבין מיט פריצענט . —

מעסע אלס זיא האט ערהאלטין פון זלמנען עטליכע קיש . האט זי זיך גיפיהלט פאר אין גאנצין גירעטעט . איר גאנצע האפענונג איז גיוועזן אויף זלמנען דאס ער וועט איר געבין אנגרייבע עצה גירעטעט ווערין פון איר ציקונפטיגע קרוטישע לאגע . און איבער דעם האט זיא זיך איבער גיגעבין צוא זלמנען מיט לייב און זעלע . און אלס זיא האט אים איין מאל גיפרעגט וואס איז זיין עצה ? האט ער איר גיענטפערט די עטליכע ווארטער : אז דיא וועסט זיין צוא מיר גיט . וועט זיין פאר דיר רעכט"...

מעסע האט רעכט פערשטאנען זלמנס עטליכע ווערטער . זיא האט גיט גיוויסט וויא זיי ציילין . און איז מיט זיי העכסט צוא פרידין גיוועזן . —

פון דיזין טאג אן . און וועלכין מעסעלע האט גיהערט דיא ווארטער פון זלמנען האט מעסע פערגעסין אז משה איז איר מאן און זלמן איז אפרעמדער .. ביי איר איז גבארע אויס גיקומען פאר קערט .... —

און משה האט גאר ניט באמערקט וואס ביי אים און שטוב קומט פאר . —

היינט וועלין זיך שוין דיא לעזער ניט וואונדערין דערויף וואס מעסע האט גירערט אזא גלייכגילטיג מיט משה ; ווענין אפ געבין דיא פינף טויזינד רובל זלמנען —

13

## זלמן מיט מעסען

אין דריי חדשים נאך פארענע בעגעבענהייטין . האט מעסע אן גיזאגט משהן דאס זיא פיהלט זיך שוואנגער . ערשט דאמאלס האט משה גיעפינט זיינע אויגין צוא זעהן וואס ארום אים טוט זיך . דיא עטליכע ווארטער וואס מעסע האט אים גיזאגט האבין אים וויא פון אשלאף אויף גיוואכט . משה האט גיט פערשטאנען פון וועמען מעסע טראגט ... פון רעכט וועגין האט ער דיא זאך גיוואלט וויסין אויף קלאהר . האט ער אן גיהויבין נאך צוא שפירין זיין פרוי מיט זלמנען . —

איין מאהל זעהן מיר משה ; אומטער דער טיר פון אצימער - און וועלכין עס איז גיזעסין זלמן מיט מעסען - און הערט זיך איין צוא דעם גישפרעך וואס צווישין זיי גייט פאר - ווען איר מייגע ליבע לעזער ווענט נייגעריג צוא וויסין וואס זיי ריידין צווישין זיך . היינט זייט מוחל אויך צוא דעם אויער צוא דער טיר וועט איר הערין . —

דורך דיר טייערער זלמן בין איך גירעטעט גיווארין איך וועל דיך קיין מאהל ניט פערגעבין . האט מעסע גיזאגט אין אין צימער האט זיך גיהערט אקלינגענדיגער קיש . —

גיווינדיך אז גאר מיר האסטע צוא דאנקען - זאגט זלמן - ווען ווען ניט איך וואלסטע קיין מאהל צוא קיין עק ניט גיקומען ... און היינט דאנקען גאט ביזטע שוין גירעטעטען וויא באלד דוא וועסט אים אקינד גיבוירין אזוי קאנסטע שוין גאך זיין זוידט צוא נעמען זיין גאנץ פערמעגין . —

יא . דיזעס איז ריכטיג . ער וועט שוין אויף מיר אויך אט שרייבין אטרויסע

סוממע

סומטע געלט – זאגט מעסע – דען איך בין ביי אים געווארין אסך טייערער אזוי פריער אדיינק גאט. איך האב שוין היינט ניט וואס צוא פורכטען. עס מעג שוין קומען זיין ערשטע פרוי מיט דיא דריי קינדער. האב איך זיך גיט וואס צוא שרעקן. –

אלס משה האט דער הערט דיא ווערטער פון מעסען איז ער געווארין בלאס וויא דער טוידט ער האט אויף זיינע פיס ניט גיקאנט שטיין. מיט דער גרעסטער מיה האט ער זיך צוא ניחאלטין פאר דער טיר אין האט ווייטער גיהערט: –

היינט – זאגט זלמן – האט איר גיוויס ניט וואס צוא שרעקן פאר זיי. ערשטינס ווייל איר זענט היינט אפאלגע באלהבאסטע צווייטינס וויים איך גאר ניט צוא זיי װעלין קומען.. זיי גייען גיוויס ערגעץ אים איבער דיא הייזער. –

פון דעסט וועגין – זאגט מעסע – וואלט ניט שאדען ווען עס זאל זיין אפ גישריבין אויף מיר מיט דעם קינד פופציג טויזינד רוביל. –

יא. דיזעס וואלט ניט שאדען. ווען משה זאל וועלין. ענטפערט זלמן. אבער יעצט ווען ער וויל ניט ווען דיא קאפט ביי אים מיט גימין ניט אוים פידין דארפטע זיך אין דעם ניט נוזשרייען. עס וועט ביי ווסיי זיין אין גאנצין דיינם. –

פון דעסט וועגין רעכין איך וואלט ניט שאדען ווען דיא מיין ליבענקער וואלבז מיט אים איבער ריידין דאס ער זאל אויף מיר אפ שרייבין עטליכע צענדליג טויזנד רוביל. דיך וועט ער גיוויס פאלגין. דען ער רעכינט דאך דיך פאר זיין בעסטין גיטריינד. האט מעסע גיזאגט אין האט אים אקיש גיטין. –

ניין. ענטפערט זלמן. מיר פאסט ניט צוא ריידין מיט אים וועגין דיר. דען ער וועט זיך שטויסין פון דער גאנצער מעשה... דאס הייסט וועמעס קינד דאס איז.. דען ביזטע גאר איין אונגליקליכע אין איך אויך דאס זעלבע פון דעם גישפרעך זענען זיי אריבער אויף איין אנדער גישפרעך וועגין שלמה'ן:

מעסעלע האט גיבעטין זלמנען ער זאל איר דער ציילין וויא עס איז פארגעקומען דער מארד מיט שלמה'ן. גאר זלמן האט איר היינט ניט גיוואלט דערציילין. ער האט איר צו גיזאגט איין אנדערס מאל דערציילין. –

משה איז גישטאנען אין האט גיהערט דעם גאנצין גישפרעך אין פון זיינע אויגין האט ארוים גישיינט אפייער פון רציחה. זיין גיזיכט איז רויט אין באלד בלאס גיווארין ער איז פערטיג גיוועזען אריין לויפין מיט בעם אין שטעכין זיי ביידין אדער ביידין פון עטוב ארוים טרייבין. נאר באלד האט ער זיך באקלערט אז ער טאר דאס ניט טיהן ווייל ער איז ביי זיי אין דיא האנד. אין ווען ער וועט זיי עפעס שלעכטס טיהן אזוי מוז ער איבער לאזען זיין גאנץ פערמעגין אויף זיין פאלשער פרויא מיט זיין ערגסטין פריינד זלמן. אין ער אליין וועט מוזין אוועק אויף עוויגע קאטערגע. שווער. זייער שווער איז אים אן גיקומען רעכט צוא מאכין ביי זיך דאס ער זאהל אוועק גליי גילטיג פון דער טיר. אין זאל זיי דער פאר גאר ניט טוהן אין ניט זאגין. דאך אבער האט ער ביי זיך גימוזט רעכט מאכין אין איז אוועק. –

14

## אנייער שלמה

אז דעם מענטשין הייבט אן נייען ניט גוט. גייט אים גיט גוט אין אלעם. ער ווערט אן

אן זיין געלט. זיין עהרע מיט זייגע גיטע פריינד. דיא אלע מענטשין וואס זענען אים גיוועזן אין דער גיטער צייט פריינד. דערקאנגען אים גאר ניט אין דער שלעכטער צייט אזא מענטשין מעג מען גיוויס אן ריפין פאר דעם אונגליקליכסטין אין דער וועלט.

אין אזא שרעקליכע לאגע גיפינט זיך יעצט אויך אונזער אונגליקליכע מלכה דען פון דער צייט וואס זיא האט אן גיוואוין שלמהן האט זיא אן גיוואוין איר געלט. איר הערע מיט אירע גיטע פריינד. אלע מענטשין וועלכע זענען איר אין דער גיטער צייט גיטע פריינד גיוועזן ווייל זיי האבין פון איר גיהאט פילע טובות, האבין זיך היינט מיט איר ניט גיוואלט בעגעגענען ווייל זיי האבין גיפורכטעט פיללייכט וועט זיא פאדערין פון זיי אטובה. מלכה איז שטענדיג גיזעסין איינזאם אין איר צומער. זיא האט ניט גיהאט מיט וועמען אוואורט אויס צוא רעדין. קיין דינסט האט זיא שוין ניט גיקאנט האלטין אלעס אין שטוב האט זיא מיט אירע אייגענע הענט אליין גימוזט טוהן. איר גאנצע געלט איז אוועק אויף. רעטען שלמהן. פיר געלט האט שלמה אליין אין וועג איבער גיפירט. מיט איין ווארט מלכה איז היינט גיבליבין אן געלט. אן עהרע אין אן גוטע פריינד. —

אפילו מיר האבין זיך שוין אויך פון איר דער ווייטערט. דען שוין אצייט אז מיר זענען ניט בייא איר גיוועזן. איר מענט מיר גלייבין דאס ווען מיר וואהלין היינט צוא איר ארייז וואלטין מיר דיא גרעסטע מצוה גיהאט. נאר אייידער מיר וועלין ארייז מוזן מיר פריער וויסין וואס מיט איר איז גישעהן אין דער צייט וואס מיר זענען בייא איר ניט גיוועזן. דיא גאנצע צייט איז בייא מלכהן קיין נייס ניט גישעהן. מיר וועהן זיא גאר גאנצע טעג אין געכט ווייגען אין קלאגין אויף איר איינציגין גילובטין שלמהן וואס ער איז אזוי יונג פון דער וועלט צוא גינומען גיווארין. אין נאך מיין וואס זיא ווייסט ניט וויא זייגע בייגער ליגין. ויא זאהל קאנען גיין צוא אים אמאל אויסוויינען איר ביטער הארץ דיא גאנצע צייט זעהן מיר אויף איר ניט קיין פרייע מינוט. מיר זעהן זיא קיין מאל ניט אויף דער גאס גאר — זיצין לעבין איר ארבעט. —

מלכה האט דער זעהן אז זיא גיפינט זיך אין זייער אשרעקליכע לאגע. קיין געלט האט זיא ניט. דאס מעביל מיט אנדערע זאכין פון שטוב פערקויפט זיך בילליך ווייס וואס וועט זיא טוהן ווען צו דיזעס אלעס וועט גענומען איין ענדע? דאן וועט דאך איר אויס קומען אין דיא הייזער ארים צו גיין. מלכה האט זייער גיציטערט פאר דעם לעצטין טאג דערום האט זיא פריער פערהאפט אין האט זיך גינומען צוא איין ארבעט. זיא איז גיווארין איין נייטארין אין האט זיך דערמיט פערדינגט איר ברויט אין אלעס וואס זיא האט גידארפט. —

דיא לעצטע צייט איז בייא מלכהן גישעהן אנייס. דען מיט אמאנהייט צוריק האט זיא גיבוירין אזוהן; דעם זאן האט זיא אנאמען גיגעבין נאך זיין פאטער: שלמה'לי. דער קליינער שלמה'לע איז גיוועזן אשיין קינד. אין ווען איינער האט נאר אויף אים אבליק גיגעבין האט ער אים באלד ליב בעקומען. זיינע קליינע בלאהע איינגעלאך האבין צוא זיך גיצויגין יעדין מענטשינס הערץ. שלמה איז גיוועזן מלכה'ס איינציגער טרייסט אין דער שלעכטער צייט ווען זיא פלעגט זיך ער אונגערין אין איר מאן שלמה.

מיר זעהן מלכהן אוועגדס צייט בייא זיך אין צימער. אויף דער גאס האט דער מאנד מיט דיא פיללע שטערין ליכטיג גישיינט. מלכה טוט איר ארבעט אין פערוויגט דער בייא איר קינד. — דאס קינד ליגט אין וויגעלע מיט ארויסין אדיאלמשיש איבער גידעקט. דאס קליין פנימול קוקט ארויס אויפין שטוב. עס איז פארטראכט אין קלערט נאך גאר ניט שלאפין. פון מלכה'ס אויגין גיסין זיך טרערין אין מיט אטראגעדישע מאליריע זינגט זיא דיא ליד:

שלאף

1

שלאף מיין קינד שלאף.
לאז שוין זיין גינוג צוא טראכטין.
עס נעמט דיך ניט קיין שלאף.
זאג וואס טוט זיך דיר דאכטין.
פערמאך שוין דיא אייגעלעך דייגע
און ער אויף צוא קלערין.
גרויס זענען דיא ליידין מיינע.
איך האב דיין פאטער אן געווערין.
ועהסטע דען אים צוא ווישין דיא אלע געשטאלטין?
ועהסטע דען אים אין דעם ליכטיגין פאנר?
ער האט דאך דיך גאר אויף זיינע האנר ניט געהאלטין;
דוא האסט דאך אים גאר ניט געקאנט.

2

שלאף שוין מיין קינד שלאף.
ערוועק ניט אן מיר מיין שמערץ
איך האב שוין גינוג מיין שטראף.
געלעכערט איז שוין גיגוג מיין הערץ.
אין דיין שיינים בולד.
דער מאן איך זיך אין מיינע ליידין.
אך וויא יונג אין מילד.
האט זיך דיין פאטער פון דער וועלט גימוזט שיידין.
צוא דען בין איך זא פיל זינדיג?
וואס מיין שטראפע איז זא גרויס!
מיט וואס בין איך זא פיל שילדיג?
דאס — נאר איין גאטס ווייסט —

3

שלאף שוין מיין קינד שלאף!
חעגין דיין ציקונפט הער אויף צוא דיינקען.
דען אבוואהל דיא ביזט היינט וויא אבלאנדע שאף.
דאך קאן דיר נאך גאט פיל גליק שענקען.
איך האב אויך מיט דיין פאטער אויף דער וועלט גילעבט
מיר האבין זיך גירעכינט פאר גליקליך.
נאר דיין פאטערס טאהרין האבין זיך ניך געעקט.
און איך בין גיוואָרין אונגליקליך.
קאנסטע דען וויסין דיא ענדע פון דיר?
קאנסטע דיין ציקונפט זעצט זעהן?

שלאָף שוין שלאָף. מיא דאָס צוא ליב מיר.
דיא וועסט ניט וויסען וואס מיט דיר וועט גישעהן.

4

שלאָף שוין מיין קינד שלאָף:
דער שלאָף מיט זיינע פליגיל וואהל דיך באַרעקען.
לאָז שוין געמען אַסוף.
אַנגוּוֶערע צָרות וואָהלין זיך עקען
דיא ביזט מיין איינציגע שיין. —
מיין פרייסטע מיין פרייד.
מאן דיר האָב איך שון גיהאַט פיל פיין;
— פיל שמערצען אין לייד.
פיהלסטע דען ניט דיין מיטערס גיפיהל?—
דאָס איך בין אין דיין שלאָפין גיוועהרין.
ווייסטע דען ניט מיין איינציגען ציעל:
דיא וואהלסט גישמאַק אַנגשלאָפען וועהרין. —

---

15

## דער פלאַן

טלוה האָט אוים גיווישט אירע נאַסע אויגען; אַלס זיא האָט דיא ליד גיענדיגט — דאָס קינד האָט שוין אָן גיהויבין דרימלען און איז שנעלליך אַנטשלאָפין גיוואָרין. —
משה האָט אין דער שטיל אָן גיהויבין זיכין פלאַנער וויא צוא רעטען זיך פון זיין שרעקליכע לאַגע. ער האָט ניט גיוויסט דאָס אים שטייט פאַר אַשרעקליכער ציקונפט. מיין האַרץ האָט אים גיזאָגט דאָס זלמן מיט זיין איינענע פרוי וועלין אים אונגליקליך מאַכין. ער האָט פערשטאַנען אַז ווי קוקן ביידע אויף זיין אויף זיין טויערט כדי זיין גרויסין קאַפּיטאַל צוא צונעמען אָבער דעם האָט ער זיך אָן גיהויבין צוא פורכטען צוא עסין וואָס זיין פרוי פלעגט אים דערלאַנגען. פּילייכט וויל זיא אים פערגיפטען. — וויא פיל פלאַנער ער האָט באַקלערט. האָט ער זיך צוא איינעם ניט גיקאָנט בעשליסין. דען אַלעס איז גיוועזען שוועהר אויס צוא פירין. ענדליך האָט ער זיך בעשלאָסין צוא איין פלאַן דאָס ער וואהל צוא נעמען נעמען זיין גאַנצין קאַפּיטאַל. פערקויפען דיא הייזער און מאַכין אַפּליטה. ער האָט אָבער גיוועהן דאָס דיזען פּלאַן איז אויך ניט לייכט אויס צוא פירין. דען זיין גאַנצער קאַפּיטאַל איז גיווען אין גישעפט אין ניט אַזוי גיך האָט ער אים גיקאָנט אין האַנד גענעמען. אַלזאָ האָט ער ביי זיך בעשלאָסין צוא בלייבין דער ווייל גלייכגילטיג. און בּיסליך ווייס אין דער שטיל — נויף נעמען זיין קאַפּיטאַל און מאַכין דיא פליטה. אים האָט שטאַרק באַנק גימין וואָס ער האָט שלמה'ן אונגליקליך גימאַכט. ערשטינס האָט ער גיציטערט דאָס אים וואָל דערפין קיין רעה ניט אַרויס קומען און צווייטינס האָט ער גיזעהן דאָס אים איז דערפון קיין טובה ניט. ער האָט זיך גאַר אן

אַן גימאַכט צָרות דערמיט. — ווען ער זאָל גיווען קאָנען העלפֿין שלמהן וואָלט ער מיט ליב אין זאַלע העלפֿין אַבי שלמהן לעבעדיג מאַכין. צום אונגליק האָט ער דער צוא ניט גיקאָנט העלפֿין — ער האָט גיזעהן וויא מלכה מוטשעט זיך אין אַשטיקול ברויט, צוא פֿערדינען — וויא זיא ווייגט יעדין טאָג נאָך איר גיליבטין מאַן. אין דיזעס אַלעס האָט איט שטאַרק אונרוהיג גימאַכט אין גיקרענקט. —

וואָס האָב איך צוא דיא אונשילדיגע מענטשין גיהאַט? פֿלעגט ער זיך אַליין פֿרעגין פֿאַר וואָס האָב איך זייער זאָהנגע פֿערדרונקעלט? וואָס האָב איך איר לעבין פֿערפֿינסטערט? —

יאָ. ניט אומזאָנסט שטראָפֿט מיך גאָטט אַזוי פֿיל. איך בין אַלעס ווערט. —

משה האָט גימיינט דאָס ער וועט זיך טרייסטין דערמיט וואָס ער וועט מלכהן דיא שלעכטע לאַגע פֿערבעסערין. אין איז ציא ליב דעם איין מאָל אַריין ציא מלכהן אין האָט איר גיזאָגט דאָס ער לייט איר דריי הונדערט רובּיל. אין ווען גאָטט וועט איט העלפֿין וועט זיא איט אָפּ גיבין. אָבער וויא ערשראָקין אין בּלאַס איז ער גיוואָרין אַלס מלכה האָט איט פֿון זיך מיט בּיידע הענד אָפּ גישטויסין אין האָט איט גיזאָגט דאָס פֿון קיין מענטשין בעט זיא קיין הילף ניט. דיא איינציגע הילף ערוואַרט זיא נאָר פֿון דעם לעבעדיגין גאָטט. אין נאָר ער אַליין איז אין שטאַנד איר ציא העלפֿין — משה אין אַוועק פֿון מלכהן — וויא מען זאָגט איין גיטינקטער אין בּלוט. איט איז נאָך אויפֿין האַרצין שווערער גיוואָרין אַלעס ער האָט דער הערט דאָס מלכה וויל זיין טובֿה ניט אָן נעמען. —

גיוויס ווייסט זיא דאָס איך האָב זיא אונגליקליך גימאַכט — האָט משה צוא זיך צוריק גייענדיג גיזאָגט — אין דער פֿאַר האָט זיא פֿון מיר דיא טובֿה ניט גיוואָלט אָן נעמען; א! אונגליקליך. אונגליקליך בין איך! איך האָב היינט קיין אָרט ניט וויא צוא בעהאַלטין זיך פֿון מיינע גרויסע זינד. מיר שטייט פֿאַר אַשרעקליכער ציקונפֿט. איך ערוואַרטע איט יעדין טאָג. דאָך מוז איך האָטש זעהן דאָס מיין נאַגענער קאַפּיטאַל זאָל ניט אַריין פֿאַלין אין מיינע פֿיינדס הענד. זיי זאָהלין זיך ניט וואָספֿאַליוועו מיט מיין נוטס. ביין. דיזעס וועל איך ניט דערלאָזין ווען איך וועל נאָר לעבין. —

משה איז פֿון דער צייט גיוואָרין שטאַרק בּלאַס. אויף זיין גיזיכט האָט ער בעמערקט אַשרעקליכע פֿערענדערונג. —

## 16

## צוויי אַלטע נוטע פֿריינד

מיינע ליבע. לעזער וועלין מיר מוזן אַריין אין דער וועלבּינער שטובּעלע וויא איך האָב איך גיפֿירט אין דעם ערשטין קאַפּיטאַל. מיר וועלין הערין דעם גישפּרעך וואָס גייט פֿאַר צווישין נחמנען אין עליושקען וועלכע זיצין בּאַם טיש אין טרינקען וויין. —

נוא דאַנקען גאָטט — זאָגט נחמן — מיר האָבין שוין אונזער איט גיפֿירט. צעהן טויזנד רובּיל האָב איך בּיי משהן שוין גינומען. אין היינט איז ער בּיי מיר אין האַנד וויא פֿיל איך זאָל איט נאָר חיונט הייסין געבּין וואָלט ער מוזן גיבּין דען ער ציטערט פֿאַר מיר ווי אַבּלאַט אין שטורים. נאָר ווי נוצט מיר בּיי איט היינט נעמען געלט? אַז אַלעס

אַלעס וואס ער האט איז דורך אוים פיינט. משה ריקט זיך יעדן טאג נענטער צום טוידט. ווי איך פערשטיי ציטערט אים דאס הערצעלע גאנץ גוט. — מעסערע שלאנט מיט מיר בלאט. — ווי משה פארמאכט נאר מיט די אויגן. אזוי ווערט מעסע פיין פרוי. און איך ווער בעל הבית אויף דעם גאנצן גיטש פון שלמה'ן; זענען מיר אויך פטור געווארן... קיינער ווייסט אפילו נישט וויא זיינע פיינער זענען אהין געקומען; דער זאגט אז ער האט אים געזען טראגן האלץ. דער זאגט אז ער איז ביי די נישט נוטע אין קיינער ווייסט נישט וויא ער איז. — וויא איך פערשטיי האט זיך משה צוא בראכן דעם קאפ קלערענדיג און ווייכט אלץ נישט וואס מיט שלמה'ן איז געשעהן און ציטערט נאך דער פאר שטארק ווייל ער פורכטעט אז ער זאל דורך דעם אין איין אונגליק נישט אריין פאלן. און זיא דריקעס אַלעס ביזטע מיר ניטער ברידער. עליושקער — געוועזן צוא הילף. דיא האסט מיר שטארק געהאלפן. נוא טרינק ברודער. מיט דיא רייד האט זלמן און געגאסן עליושקען אנגלאז וויין. עליושקע האט אויס געטרונקען און זיי האבן זיך ביידע צוא קושט. —

עס איז וואהר דאס איך בין אויך געוועזן צוא הילף — זאגט עליושקע — מיין שולדיגקייט אז איך זאל אייך העלפן; דען ווען נישט איר וואלט איך נאך היינט אום גיפירט דעם בלינדין ארעמאן איבער דיא הייזער צוא בעטין ברויט, איר האט מיך פון אים אוועק גינומען און האט מיך פאר אמענטשין גימאכט. לאז זיין אגנב אבי נישט קיין אָרעמאן. אָבער זאגט מיר ר׳ זלמן. נאקגייעץ. וואס וועל איך האבן ביי אייך פאר מיין ארבעט? איר ווייס דאך אז מיין ארבעט איז ווערט אסך געלט און נישט פאר נעמט וויא פיל צייט איך פערברייננג אין גראדאוויל אלץ איבער דיזין געשעפט. מיר איז שוין פאר מיאכט געווארין דאה וויציננדיג. —

יא. איך קאן דיך מיט דעם שענסטין כבוד בעפרידיגין — ענטפערט זלמן — דיא ווייסט דאך אז איך האב פיינט אמענטשין אבוהיען. נא דיר טויזנד רובל און פאר אחיים. —

וויא טויזנד רובל! מיין עס גייט נישט.

— נוא נא דיר. צוויי טויזנד רובל. איך דאב ... ביינט צוא דינגען —

— עס גייט ווייטער נישט.

— וויא פיל דען מיינסטע. דריי טויזנד רובל? נא דיר זיי און פאר אהיים

— נישט דאס מיין איך.

— קיין פיהער טויזנד וועל איך אָבער נישט געבען.

— און איך וועל נישט נעמען.

— וויא דען איך זאל זיך מיט דיר טהיילין אויף דער העלפט?

— גיין איך נעם ביי אייך קיין העלפט נישט.

— קיין פון העלפט וועל איך נישט געבין.

— און איך וועל אפילו מיין פון העלפט אויך נישט נעמען.

— וויא דען? ווילסט און גאנצין? און פיר קומט שוין גאר נישט?

— אייך קומט ניין מאהל אזוי פיל וויא איך נעם.

— דארפסטע דאך אויף דיין רעכענונג נאר נעמען טויזנד רובל.?

ניין. ענטפערט עליושקע. איר בארעכינט אָבער וויא פיר איך בלייבט איבער צונעמען? איר האט דאך ערשט אליין גיזאגט אז איר וועט ווערין אגאנצער בעל הבית אויף משה'ס גיטש. באטרעפט דען נישט משה'ס קאפיטאל קיין צעהן טויזנד רובל?

נוא! פערשטיי איך שוין. ווילסטע איך זאל דיר אפ געבין די גאנצע טויזנט רובל?

רובּיל. און מיר זאל אקאפּיקע ניט בּלייבּן ? נײן. דאס טוא איך ניט. אויף יענעם האַרעוועט וויל איך ניט. —

און איך וויל אויך אויף יענעם ניט האַרעווען ענטפערט עליושקע. —

נײן, מיין פינוף טוויזנד רובּיל וועל איך ניט געבּן, האט זלמן ענטשלאָסין געענטפערט און איז פון צימער אַרויס. —

## 17

## מזל טוב

צוא זיין חדשים האט מעסעלע גיהאט אַמיידעלע וועלכע זיא האט אַנאמען גיגעבּין שׂרה. און טאָקע אין דער זעלבּער צייט וואס מיר גייען צו איר אַריין זעהן מיר זיא זיך שפּילין מיט איר קינד. מעסע איז שטאַרק בּלאס אָבּער העכסט פריילעך און האט גרויס פערגעניגען פון איר קינד. —

נאָר וואס גייט דאס משה אים אַזוי פערזאָרגט? ער האט דאָך דיכט זיך גידאַרפט פריילעך זיין? דען זיין פרוי האט אים נאָך אַזא לאַנגע צייט מיט אַטאָכטער בּאַגליקט. נאָר דיא אורזאַכע דערפון ווייסין נאָר דיא לעזער און משה. ווייטער האט קיין מענטש דערפין ניט גיוויסט. — משה איז אים גינאַנגען העכסט אומעדיג און שטאַרק בּלאס. ער האט גיוויסט דאס דיא טאָכטער וועלכע מעסע האט אים גיבּוירין איז גיקומען מאַכין איין ענדע פון זיינע יאָהרין. ער האט גאַנץ ניט פערשטאַנען פון וועמען דאס קינד איז און צוא ליבּ וואסספאר אַציל מען האט דאס אויף דער וועלט גיבּראַכט. ער האט אויך ניט גיוויסט אַז קאם וועט דיא בּייגיבּאָרענע טאָכטער אַלט ווערין פינף יעקם יאָהר. אַזוי איז שוין זיין לעבּין קיין לעבּין ניט. וועלין אים גיוויס זלמן מיט מעסען טייטין אים ניכער זיין קאפּיטאַל ציא בּעקומען; דעריבּער האט ער אָן גיהויבּין זיכין פּלאַנער וויא פון דער טאָכטער לויז צוא ווערין. נאָר ווי פיל פּלאַנער ער האט בּאַקלערט האט ער איינים ניט גיקאָנט אין פאָלקאָמענהייט בּריינגען. דען מעסע מיט זלמן האבּין דאס קינד גיהיט וויא זייער אויג אין קאָפּ. — מעסע האט דאס קינד גיליבּט ווי אַמוטער ליבּט איר איינציגע טאָכטער. און זלמן האט גיזאָגט דאס ער ליבּט זיא דער פאַר וואס זיא איז זייער אַשיין קינד. און ציא ליבּ דער פריינדשאַפט פון אים צוא משהן און צוא מעסען. — זלמן מיט מעסען האבּין גיזעהן מיט וואס פאַר אַאויגין משה קוקט אויף דאס קינד דאדורך האבּין זיי זיא שטאַרק גיהיט וויל דורך איר איז גיווען זייער איינציגע האָפענונג משה'ס קאַפּיטאַל צוא בּעקומען. —

זעה נאָר מיין לעבּין — האט איין מאהל זלמן גיזאָגט צו מעסען זיצענדיג מיט איר אַליין אין אַצימער — זעה נאָר דיא זאָהלסט היטין דאס קינד. גלייך וויא דיא היטסט דיין אויג אין קאָפּ. און נאָך אפשר מיין. דען אָן איר איז דיין לעבּין קיין פעניג ניט ווערט. דיא זעהסט נאָר ניט וויא משה קוקט אויף דאס קינד. וויא איך פערשטיי האט ער זיך גישטוויסין פון וועמען דאס קינד איז. און זיכט פּלאַנער וויא פון דאס קינד לויז צוא ווערין. דעריבּער זאָג איך דיר אָן מעסע מיין לעבּין דיא זאָלסט דאס היטין וויא דיינע אויגין אין קאָפּ. דען ער וועט ווען עס איז מ...ין פון איר איין ענדע. —

דיא פערשפּאַרסט מיר אָן זאָגין — האט מעסע גיענטפערט — נאָר איך רעכין זאָ אונז וועט ניט העלפין קיין היטין. קאם וועט משה ניט וועלין אָפּ שרייבּין אויף איר זיין

קאפּיטאל

קאפיטאל וועט אונז ניט העלפן דיא טאכטער איך וואלט דיר זאגען מיר זאהלען דער צוא איין אנדער פלאן באקלערין. דען עס קאן. זיין וויא איך פערטשטיי און וויא איך זעה מיט וואס פאר אאוויגי ער קוקט אויף דאס קינד — קאן זיין ער זאל זיין גאנצן קאפיטאל אפ שרייבן אויף אוילד פרעמדין אויף א־שארט און אונז זאל דער פון קיין פענינג ניט אן קומען. —

יא די ביזט גירעכט. אזא יאהר זאהל איך האבין וואס פאר אטייער ווייביל דיא ביזט.. האט זלמן גיזאגט און האט איר אקיש גישיינקט. איך וועל דיך פאלגין און וועל דער צוא באקלערין איין אנדער עצה. דער אלטער הינד וועט שוין דורך מיר קיין צייט ניט האבין צוא שרייבין אצוואה...

דאס איז אויך קיין פלאן ניט דען מיר קאנען נאך אין איין אונגליק דורך דעם אריין פאלין. מיט דעם טוירט זאהלסטע זיך ניט שפילין. ווייל עס שמעקט מיט קאטערזשנע. —

נוא וועל איך שוין זעהן דער צוא איין אנדער עצה אבי מיר וועלין פון אים פטור ווערין. האט זלמן ג... ט. —

יא. דאס איז א פלאן. האט מינא גיענטפערט. —

18

# אין ווייך הויז

נוא ניטער ברידער. וואס מאכסטע? האט זלמן איין מאל גיפרעגט עליושקע אלעס ער האט דיך כיט אים אין נאכ א־ענינט. —

אז איר זאהלט וויסן וואס איך מאך וואלט איך ניט גיט שמעקן האט עליושקע מיט איין צארעגדע מאי גיענטפערט. —

וואס?! האט זלמן מיט כעס אין ערשראקין גיפרעגט — וואס מאכסטע אזעלכעס? —

ווי דען איר האט גימיינט אז איר וועט מיר ניט אפצאהלין פאר מיין מיה וואס איך האב אזוי פיל גיהארעוועט און האב מיין לעבין איין גישטעלט וועל איך שווייגין? ניין. אבער גאר לא טוט אאלף. איך ביי אנוט קינד. איך וועל אייך אשפיל געבין אז איר וועט. דארפין צוא זעצט ווערין מאנצעגדיג.. —

זיי ניט אזוי אין כעס. ברידער — האט זלמן גילאסין גיזאגט פינף טויזנד רובעל גיב איך דאך דיר. דיא האסט זיך וועך אמאהל גיווינטשין אזוי פיל געלט מיט אמאהל צוא פערדינען?

און איר האט זיך אמאהל גיווינטשין זיין אבעל — הבית פון אזא גרויסין רייכין קאפיטאל? האט עליושקע נאך אלעס מיט אצאהרינדען טאן גיזאגט — וויא מיר דיכט זיך איז דאס אייך אפילו אין דער לינקער פאה אויך ניט גילעגן. אויב איר ווילט נעמט איין דיא צעהן טויזנד רובעל. און זייט איר עליושקע און איך זלמן. —

ניין. דאס קיין ניט זיין. דיר פאסט ניט צוא ווייזין דיין גיזונט. ווייל מען קאן זיך שטיסין אונזער גאנצע אפערע. האט זלמן גיזאגט. —

יא. דאס ווייס איך אויך — זאגט עליושקע — אבער פאר מיין מיה!...

פאר דיין מיה... האט זלמן דענקענר גיזאגט. קום ברידער. איך וועל דיך צופרידען. —

קומט! האט עליושקע גיזאגט. מיר וועלין זעהן וויא איר וועט מיך בעפרידיגן. מיט די רייד וועגען זיי בײדע אַריין אין אַוויינהויז. זלמן האט גיהייסין געבן וויין און פערבייסין. —

טרונק ברידער! — האט זלמן פריילך גיזאגט — דיא באקומסט היינט פאר דיין מיה. נישט קשה. דיא טאכטער מיינע וועט מיר פאר אלעם בעצאהלין. און מיט די רייד האט ער און זיך אריין ניגאסין צוויי בעכער וויין. יא! — האט ער גיזאגט — אויס טרונקענדיג דעם וויין און פערבייסין מיט אַשטוק קאלבאס. דיא טאכטער מיינע וועט זיין דיא איינציגע יורשטע פון משהס קאפיטאל — טרינק ברודער! דיא וועסט אויך דער צוא ניט דער לייגין. —

עליושקע האט גיטרינקען און פער ביסין. —

נא ברידער. נעם געלד צעהן טויזנד רוביל. האט זלמן גיזאגט. —

חאטש עס איז וויינינג — זאגט עליושקע נאר ווייל איך וויל מיט אייך לעבין גוט נעם איך צוא דיא סוממע וואס גיט איר מיר עפעס פאר איין אַרבעט אויף ווייטער? איר ווייסט דאך אז איך האב פיינט צוא זיצין ליידיג. —

יא. אויף ווייטער האב איך פון דיינט וועגין זייער אַטייערין גישעפט דיא וועסט ביי מיר פערדינען נאך פינף טויזנד רוביל. —

זאגט מיר פריער דעם גישעפט דער נאך וועט איר זיך מיט מיר דינגען אויף דעם מקח. —

איך וויל אז משה זאל גיין צוא שלמהן צוא נאסט.. דיא פערשטייסט וואס איך מיין? וויל איך אז דיא זאהלסט מיר דיא אַרבעט טאן. —

יא. איך קאן דאס אייך זייער שיין טאן — האט עליושקע גיענטפערט. איר גיט מיר נאר איין עצה וויא דיא זאך זאל צוא גיין וועל איך דאס אייך שוין אפמאכין אגיל ושמחה קיילעכדיג און שפיציג.... —

איך ווייס. די וועסט מיר דאס גיוויס טאהן. און נאך פאר געלט... נאר מען דארף זעהן דער ציא אַגוטע עצה מיר זאלין בעהיטע גאט איין אונגליק ניט אַריין פאלין. דיא ווייסט אז דורך דעם אַלטין הינד קאנען מיר אין גאנצין פערשפילין? —

יא. איך ווייס נוא זאגט שוין מיר אייער עצה?

לאז שוין זיין אויף אַצווייטין מאהל. מיר וועלין זיך נאך זעהן; האט זלמן גיענטפערט און איז אַוועק. —

---

## 19

## אַריין גינארט און זאק

איין מאהל — דאס איז גיוועזען אין אַפאר וואכין נאך זלמנס גישפרעך מיט עליושקען און משה גינאנגעני אונטערין שטאט שפאצירין. ער איז גיגאנגען פערטראכט און זיינע גידאנקען. און האט אויף גיקלערט פלאנער וויא צוא רעטען זיך פון זיין קריטישע לאגע. אום האט זיך פארגישטעלט דער טוירט מיט אלע שווארצע פארבין. ער האט ביי זיך גירעכינט דאס ער וועט ניט שטארבין מיט זיין גיוויינליכין טוירט. ערשטינס האט ער

גיוואוסט אז סוף כל סוף וועלין אים זלמן מיט מעסען פון דער וועלט פטור'ן. אים איז זייער שמערצליך פארגיקומען דאס וואס ער דארף זיך היטין פאר זיינע אייגענע הויז מענטשין וועלכע עסין זיין ברויד; צווייטינס פלעגט ער שטענדיג ערציטערט ווערין ווען ער פלעגט זיך דער מאנען אין שלמה. שלמה'ס גיזיכט פלעגט זיך אים אפט פארשטעלין פאר זיינע אויגין. אים האט זיך גידוכט דאס שלמה שלעפט אים צום בית דין. שקלמעלה דער פאר וואס ער האט אים אזא יונג פון דער וועלט פערטריבין. אין דער בית דין פעראורטהיילט אים דער פאר צוא שטארבין מיט איין אנדער בארומדיגין טויט. אין דארט זאהל ער אייביג אין גיהנם זיין. ער פלעגט אופט דער ציטערט ווערין ער פלעגט זיך דער מאנען וואס מיט אים אליין האט אין זיין לעבין גיפאסירט. —

אך וואס פאר איין אינגליקליכער איך בין — האט משה צוא זיך אליין גיוועהנדיג גיזאגט — וואס קאן זיין דיא ענגע מיט מיר? איך ערוואטע יעדין טאג אשרעקליכע גוים אגאטט! גיב מיר דעם טויט. איך וויל שטארבין אין ניט אזוי פיל זיך מיטשען אין מיינע ליידין. — נאר גיין! איך קאן נאך יעצט רוהיג ניט שטארבין. אויף וועמען וועל איך לאזין מיין גאנצין קאפיטאל? אויף מיינע בליטיגסטע פיינד וועלכע זוכין מיין טויט. ניין! דאס וועט ניט זיין. איך מוז דער צוא זעהן איין עצה . . .

משה האט אויף גיהערט צוא טראכטין דען עס האט זיך גיהערט לעבין אום טריט פון אמענטשין. —

שלמה! האט משה אגישריי גיגיבין גיט מיט זיין שטומע אלם ער האט אויף דעם מענטשין — וועלכער איז לעבין אים גישטאנען — אקוק גיגיבין, שלמה!! דיא ביזט דאך אגיש ארבענער; גיי דיר אין דיין רוה! גיוואלד יודין ראטעוועט! — שמע ישראל!

דיא וועסט שוין מעגין שרייען ווי פיל די וועסט וועלין — האט דער מענטש מיט אגראבע שטומע גיענטפערט — וועט שוין דיר גאר ניט העלפין. דיא מוזט מיט מיר גיין צום בית דין של מעלה זיך לאדין מיט מיר; וואס האסטו גיהאט צוא מיר? וואס האסטו מיך אזוי יונג פון דער וועלט פאר טריבין? קום מיט מיר! עס וועט דיר גאר ניט העלפין. לייג זיך אריין אין זאק. אט אין דעם וואס איך האב דיר גיבראכט וועלין מיר גיין. אין טאמער וועסטע אפשר ניט וועלין גיין. זאג איך דיר אז עס וועט נאך זיין פאר דיר ערגער שדים וועלין דיך ברייגגען צום דין. —

משה איז גישטאנען דיא צייט — וואס דער מענטש האט גירעדט אין האט גיציטערט. אים האבין זיך גישרייסילט דיא ציין אין מויל. מיט גרויס שרעק אין ציטערניש האט ער גיזאגט. אמת מיין טייערער שלמה דיא ביזט גירעכט. איך האב דיר אונגליקליך גימאכט. איך האב דערויף ניט חרטה. יא. איך מוז מיט דיר גיין צום דין. נאר איין זאך וויל איך ביי דיר בעטין. דיא זאהלסט מיט מיר טאן דעם איינעם חסד אין זאהלסט מיך לאזין אויף איין שעה גיין אהיים. איך וויל אפ שרייבין מיין גאנצין גוטץ אויף דיין ווייב מיט דיין קינד. איך רעכין פיליכט וועל איך לעשין מיט דעם דיין צאהרין אויף מיר.

ניין. דיא וועסטו שוין פון דאנען ניט אוועק. האט דער מענטש גיענטפערט איך פאדער פון דיר ניט דיא זאהלסט אפ שרייבין דיין גוטץ אויף מיין ווייב. אין מיין ווייב אויך דאס זעלבע פאדערט ניט קיין מתנות פון קיין וואלף פון אזא טיראן ווי דיא. קום! דיר וועט גאר ניט העלפין. דארט וועסט זיך מעגין ריידין וואס דיא וועסט וועלין; דער וייל האב איך קיין צייט ניט...!

אוי. אוי וואי איז מיר! האט משה גינומען קלאגין אין האט אן גיהויבין קריכין אין זאק. בעסער וואלט איך וועלין שטארבין איידער גיין צום בית דין. א א א!

קריכ

קְרִיךְ שוין גִיבֶער !. הָאט דֶער מֶענְטְש אויף אִים גִישְׁרִיעֶן אִין הָאט אִים גִינִיבִּין צְוויי קולַאקֶעס אִין קַארְק. —

אוי. וַואי ! הָאט משה גִירֶעוועט וִויא אַבִּיק אִין אִיז אִין זַאק אַריין גִיקְרָאכִין. —

דֶער מֶענְטְש הָאט דֶעם זַאק פֶערבִּינְדִין. עֶר הָאט אִים גִינומֶען אויף דִי פְּלֵייצֶעס אִין אִיז מִיט אִים אַוועק. —

אַלֶעס עֶר הָאט אִים אָפּ גִיטְרָאגִין אַהַאלבֶּע ווִיאָרְסְט. הָאט עֶר זִיךְ גִישְׁטֶעלְט. עֶר הָאט דֶעם זַאק אויף גִילֵייגְט אויף אַפִּירִיל ווֶעלְכֶע הָאט אויף אִים גִיוַוארְט. אִין אִיז מִיט אִים אַוועק גִיפָארִין. —

אויף מָארְגִין הָאט גַאנְץ גְרָאדָאוויל גִיקְלִינְגֶען מִיט דֶעם נַייֶס דָאס נִיט גוטֶע הָאבִּין משה ן עֶרְגֶעץ פַאר פִירְט. אִין מֶען ווייסְט נִיט וִויא. פַאר גִיווִיס הָאבִּין זֵיי אִים פַאר פִירְט אִין ווַייטֶערֶע עֶרְטֶער....

דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט הָאט אִין אֵיין קול גִישְׁרִיעֶן דָאס מֶען זָאל אִין שְׁטָאדְט אַרִיין בְּרִינְגֶען נָאךְ אַנִיטִין – יודִין. אַבְּרָאהָל אֵיינֶער אִיז שוין גִיוֶועֶן דֶען אִין שְׁטָאדְט הָאבִּין בַּאזֶעצְט שֵׁדִים. אִין דֶער אֵיינֶער אִיז נִיט שְׁטַאנְד צוּא בַּאשְׁטֵיין קֶענִין זֵיי..

# ענדע

## די ערשטע טהייל



דער

# אַריסטאָקראַטישער צַדיק

אָדער

## דער לעבעדיגער מת

איין שיינער ראָמאַן אין צוויי טהייל

פערפאַסט פאָן

יעקב זעליג פוטערמאן אויס אווראטש

הוכות נמכר לצמיתות לר״ל מארגענשטערין

(נאכדרוק שטרענג פערבאָטען)

---

ווארשא

בדפוס ר׳ יוסף לעבענזאהן נ״י

שנת תרמ״ט לפ״ק

---

# АРИСТОКРАТИЧЕСКІЙ ПРОВѢДНИКЪ

или

## ЖИВЫЙ МЕРТВЕЦЪ

романъ Соч. Я. З. ФУТЕРМАНА

---

ВАРШАВА

Въ Типо-Литографіи І. Лебензона Францишканская ул. № 11

1889.

Дозволено Цензурою, Варшава 10 Іюля 1889 года.

# צוויטע טהייל

20

## אין אכטצעהן יאהר ארום

אכצען יאהר זענען פאר איבער נאך יענע פארינגע בעגעבענהייטען. מעסע מיט זלמן ענ־זענען געבליבען אויף משה'ס גיטער. אין איאהר צייט נאך משה'ס פערשווינדינג האט זלמן געהייראטעט מיט מעסען. פון דער קליינער שרה'ן איז געווארען א זיבעצין יאהריגעס מעדכען. פון משה'ן האט מען שוין גאר אויף געהערט צוא רעדען. קיינים איז דאס שוין אפילו אין זינען ניט געלעגען. זלמן מיט מעסען האבען זיך גירעבינט אפּ צוא לעבען דיא לעצטע ביסיל יאהרען רוהיג אין גליקליך; וויא זיי האבען ביז יעצט גילעבט שרה'ן האבען זיי גיהאלטען טייער. ערשטענס וויל זיא איז זייער איינציגע טאכטער. צווייטענס איז זיי געווען דיא איינציגע יורשטע פון משה'ס קאפּיטאל. זיי האבען זיא גילאזט לערנען שרייבען יודיש. רוסיש אין דייטש. אבוואהל זיא האט צוא דיא קענטעניסע ווייניג לוסט גיהאט דאך האט מען איר וויא מיט געוואלד דיא ביסיל קענטשאפט אין קאפּ אריין גישפּארט.— פיל מאהל האבען שוין זלמן מיט מעסען אוים גיזיכט פון אירעט וועגען חתנים פון גרויסע משפחות אין שיינע יודען נאר שרה האט זיך פון יעדען חתן ענטזאגט זיא פלעגט ביי יעדענם מאהל זאגען דער מוטער דאס דעם חתן וועלכען זיא וויל וועט זיא איר ניט געבען. דיא מוטער פלעגט זיא שטענדיג בעטען זיא וואהל איר זאגען צוא וועמען איר הארץ גליסט. זיא האט איר וויא פיל מאהל גיזאגט דאס זיא איז גרייט איר גאנצען קאפּיטאל אפּ צוא געבען אין איר דער ליינגען איר באנער. נאר שרה האט דער צו ניט אזוי גיך איינגעוויליגט אונ האט דער, מוטער איר סעקרעט אזוי גיך ניט געוואלט זאגען. —

אין דער צייט וואס מיר גייען אריין צוא מעסען טרעפען מיר זיא מיט איר טאכטער לעבען טיש טרונקענדיג טהיי. קיינער אויסער זיי איז אין שטוב ניטא; שרה איז געמעדכען מיט שווארצע האר אווייסע גיזיכט נייט גיקליידעט נאך דעם לעצטען זשורנאל זיי זיצען ביי דעם טיש אין פירין צווישען זיך דיזען גישפּרעך. זאג דאך מיר פארט טאכטער מיינע ביז ווילונג וועסטע מיך מוטשען אין דיא וועסט מיר ניט וועלען זאגען צוא וועמען דיין הארץ גליסט. צוא דען גלייבסטע אז איך וועל שפּארען געלט אים צוא טוען אשידוך מיט דעם דאזיגען וואס דיין הארץ גליסט; איך האב שוין דיר ווי פיל מאהל גיזאגט אין זאג דיר יעצט אויך דאס זעלבע. דאס יענער וועלכען די ווילסט מאנ זיין גאנצען קאפּיטאל וועלען וועל איך אים אפּ געבען אבי דיין פערלאנג צוא ערפילען דיא ווייסט דאך אז דיא ביזט ביי מיר טייער וויא מיין אויג אין קאפּ. דען וועמען האב

איך

איך נאך אויף דיר? דיא ביזט דאך מיין איינציגע טרייסט. זאגשע מיר טאכטער דיין מעקרעט האט זיא מיט טרערין גיארבעטין. —

יא. מוטער. איך ווייס דאס דיא וואלסט דיין גאנציין קאפיטאל אוועק גיגעבין אבי מיין פערלייונג צוא ערפילין. וויא וועט אבער זיין או יענער צוא וועלכין מיין הערץ גיהער וועט ניט וועלין אפילו נאך אמאל אזוי פיל ווי פיל דיין קאפיטאל באטרעפט. האט שרה מיט טרערין אין דיא אויגין גיפרעגט. —

דאן איז אויך דא איין עצה האט מעסע גיענטפערט. —

נוא. ווען עס איז דאמאלס אויך דא איין עצה דער צוא! וועל איך דיר זאגין מוטער דאס מיין הארץ גיהער צוא סאלאמאנען מלכה'ס זין — האט שרה מיט פרייד גיזאגט אן אים איז מיין לעבין קיין לעבין ניט. אין ווען דיא ביזט מיר יא אזוי פיל גיטריי וויא דיא זאגסט. זאלסטו אן ווענדין אלע מיטלען מיך מיט אים פערהייראטען. אין ווען ניט מוז איך איונגע שטארבין. —

מעסע איז דער ציטערט גיווארין אלס זיא האט דעם נאמען „סאלאמאן" דער הערט. אין דער גיך האט זיא זיך גיכאפט מוטה אין האט גיזאגט צוא שרהן: דייר בין איילעכע ווארטער טאכטער. איך וועל פערשפארין אנווענדין פיל מיטלען דער צוא. סאלאמאן וועט זיין דיין ברוטיגאם . ער וועט זיך נאך דער מיט רעכענען פאר העכסטע גליקליך. —

זאל גאט העלפין עס זאל זיין וויא דיא זאגסט מאמע, האט שרה מיט פרייד טרערין גיזאגט. —

---

## 21

## מלכה מיט סאלאמאנען

פון מעסען וועלין מיר אריבער גיין צוא מלכהן. מיר וועלין זעהן וויא האט מיט איר אין דער צייט גיפאסירט. וואס פאר אנייסין איז ביי איר גישעהן: נאר אלס מיר גייען צוא איר אריין זעהן מיר קיין שום נייעס ניט. אלעס איז זיך וויא פריער. מלכה זיצט זיך ביי איר ארבעט אין גייט. — נאר איין נייעס בעמערקין מיר יא. דען דער קליינער שלמהקע וועלכין מיר האבין נאך אין וויגעלע גילאזין זעהן מיר יעצט זיצט ביי דער צווייטער זייט טיש קענין זיין ביטער מיט אבוך אין האנד. ער איז שוין היינט אלט אכטצען יאהר: אניזונטער שיינער יונג מיט אשיין ווייסעס גיזיכט צוויי בלויע אויגין האבין וויא צוויי דימאנטין פון קאפ גישיינט ; זיינע בלאנדע האר האבין וויא זייר זיין שיינעם קאפ באדעקט. דער צוא איז ער גיוועז העכסט גיבילדעט. ער האט זייער גוט גילערינט דיא דריי פאלגענדע שפראכע רוסיש דייטש אין פראנציי. פאר וועלכעס ער האט גיהאט צום דאנקען אגראדאווילער רוסישען לעהרער וועלכער האט אים אומזיסט מיט דיא דריי שפראך גילערנט. אויך עברייעש האט ער גיט גיקאנט דער צוא איז ער גיוועזן אגרויסער סאטעמאטיק. אין אהייסער וואכהעמער ווידישער פאטריאט. ער האט ליב גיהאט דיא יודישע רעליגיע מיט אלע מנהגים. — אלס ער איז אלט גיווארין פופצעהן יאהר האט ער שוין אן גיהויבין געבין אורואקין דיא גראדאווילער קינדער. אין דיזעס האט

אים גדינגען יעדין מאנהייט צעהן רוביל צוא פערדינגען מלכה איז דער מיט גיוועזין העכסט צוא פרידין . אין האט שוין גיפיהלט אזא מאנגעל וויא זיא האט בעקומען אויף דער וועלט צוא ריזין . נאר ער האט דאס ניט גיקאנט אויס פירין . וויל זיין מוטער האט דער צוא ניט איין גיוויליגט . זיא פלעגט אים שטענדיג מיט טרערין בעטין דאס ער זאל זיך דעם גידיינק פון קאפ ארויס שלאגין . דען זיא וועט אן אים ניט קאנען לעבין ; אין אזוי איז זיך סאלאמאן גיבליבין גאנצע דריי יאהר ביי זיינע אורעקין – סאלאמאן האט זיינע אורעקין גיגעבין אין אלע גרויסע רייכסטע ערטער . – שרהן מעסעס טאכטער האט ער אויך איין אוראק גיגיבין . אין – אין דער צייט וואס ער איז צוא איר גיגאנגען . האט שרה אויספיעט זיך אין אים רעכט פערליבין . טאקע איבער דיא אויערין . (אזוי וויא דיא לעיער האבין פערשטאנען פון איר גישפראך מיט דער מוטער) נאר סאלאמאן איז זיך מיט שרהן בעגאנגען גליך וויא מיט אלע איבעריגע שוללערין . ער האט נאר גיזעהן זיין שולר ערפולן . ער האט זיא גילערנט ערינסט אין גיטריי . נאר שרה האט דערינגען איין אנדער צעל גיהאט . זיא האט ניט גיצילט דאס געלט פאר דיים לערנען . דען וויא דיא לעזער ווייסין שוין . האט זיא צוא דער קענטעניסע ווייניג לוסט גיהאט . זיא האט נאר דאס געלט גיצאלט פאר דעם פארגעניגען וואס זיא האט גיהאט צוא קיקין אויף דעם שיינים סאלאמאנען . – אשטיק צייט איז סאלאמאן צוא איר גיגאנגען אין שרה האט אים אין דער שטיל גילובט זיא האט ניט גיוואלט אים איר הארץ עפענען . דען זיא האט גוט פארשטאנען דאס סאלאמאן קיקט ניט ארויס אויף איין כלה וויא דיא איז חאטש זיא האט זיך גיפיהלט דאס מען וועט איר גיבין אסך נדן . ענדליך האט זיא זיך אבער ניט גיקאנט איין האלטין אין האט סאלאמאנען איר הארץ גיעפינט . סאלאמאן איז דערציטערט גיווארין אלס ער האט פון אים דיא ווערטער דער הערט . ער האט קיין סך ניט גיטראכט אין האט אויף גיהערט גיין צוא שרהן . דען אזוי האט אים אויך מלכה גיראטעט . —

מעסע האט באמערקט דאס איר טאכטער איז שטארק אומעדיג . האט זיא איר גיפרעגט דיא אורזאכע דער פון אין שרה האט איר ענדליך דערציילט . וויא דיא לעזער האבין גילעזין אין דעם פאריגין קאפיטאל . —

פאר וואס האסטע זיך אזוי גיך אפ גיפערטיגט פון דיינע אוראקין ? האט מלכה גיפרעגט סאלאמאנען אלעם . ער איז צוא הויזע גיקומען פריער וויא גיוויינליך . —

די האסט פערגעסין מוטער אז איך האב אויף גיהערט צוא גיין אויף איין אוראק אין דיא צייט פערברייינג איך אין תלמיד . האט סאלאמאן גיענטפערט . —

יא . איך האב מיך שוין דערמאנט . זייער רעכט מיין קינד וואס דיא האסט מיך גיפאלגט אין האסט אויף גיהערט גיין צוא שרהן . גאט ווייסט וואס דער פון האט גיקאנט ווערין . יא . איך האב דיר פארגעסין דערציילין דאה איז גיוועזן ר׳ לעמיל דער שדכן . —

וואס האט ער דא גיטאהן ? האט סאלאמאן ערשראקין גיפרעגט . —

ער איז גיקומען דיר – ריידין דעם שידיך מיט שרהן . מעסע האט אים גישיקט אין זיא גיט דיר צעהן טויזנד רוביל נדן מיט פינף ועבציג יאהר קעסט . מיט איין ווארט וויא זאגט ער דיא וועסט דא אריין פאלין אין אשמאלץ גריב . —

נוא מוטער אין דיא ביזט צופרידין . ?

וואס דארף איך זיין צו פרידין ? זאג צוא דיא ביזט צו פרידין ? —

יא . מוטער דיא ביזט נירעכט . ווען עס בעליינגט אין מיר . זאג איך דיר דאס איך בין מיט דעם שידיך ניט צוא פרידין . —

עס איז ביי דיר אין האנד . האט מלכה גיענטפערט . —

מיטער. האט סאלאמאן געזאגט איך וויל דיך פרעגן. וויא איז הין געקומען משה מעסעס ערשטער מאן. אלע גראדאוילער איינוואוינער שרייען אין איין קול אז שדים האבין אים אויף געכאפט. —

ער איז איין מאהל פליצים גיט געבליבין — האט מלכה מיט איין חפץ געענטפערט זאגין דיא גראדאוילער איינוואוינער דאס שדים האבין אים אויף געכאפט? ווי האבין אויף אים געזאגט דאס זעלבע וואס ווי האבין אויף דיין פאטער געזאגט דען אלס דיין פאטער איז געשטארבין ביא נאכט צווועלף דעם ווינער אין מען האט אים באהאלטין. האבין אויף מארגין דיא גראדאוילר חברה קדושה געזאגט דאס גיט איינער פון זיי איז געוועזין בעת מען האט אים צוא קבורה געבראכט. אין זיי ווייסין גאר קיינער גיט פון דיין טוידט. איז דאקאלס אויך אויף אים ארויס דער זעלבער שם וואס אויף משה'ן. —

מיטער. האט ווידער סאלאמאן געפרעגט. ווער האט מאקע געבראכט מיין פאטער צוא קבר ישראל? —

איך ווייס אויך גיט האט מלכה געענטפערט. דען איך האב יענע נאכט אפשר טויזענט מאהל געחלשט. איך האב גאר גיט געוויסט אויף וואס פאר א וועלט איך בין, גאר אלעס איך האב זיך אביסיל ערוואכט האב איך שוין דיין פאטער אין שטוב גיט געטראפין. —

דער פאטער איז אזוי שלאף געלעגין! האט סאלאמאן געפרעגט. —

— גיין. אין גאנצין צעהן טאג. דאס איז אזא מעשה: הער אויס מיין קינד פיינגעט אן מלכה צוא דערציילין. דיין פאטער איז איין מאהל געקומען פון רידאנאוו. ער האט דארטין געהאט אחשבון מיט דעם הערין אבראשקע סאקס ביי וועלכין מיר פלעגין נעמען ציקער אין אונזער קלייט. אין אלס ער איז געקומען פון דארט אפערטינער פון אלע געשעפטין אין חשבונות האט ער אויסין דריטין טאג ערהאלטין אבריף פון רידאנאוו דאס מען ריפט אים ארויס אצווייטין מאהל אויף דעם זעלבינין רעכענונג. ווייל יענער רעכענונג איז גיט ריכטיג. — מיר האט דאס הארץ געזאגט דאס דיין פאטער וועט גיט גיט אפשניידען פון דיזער רייזע איך האב אים דארויך געווערט דאס ער זאהל גיט פארין. נאר דיין פאטער האט מיר געגעבין צוא פערשטיין דאס ער מוז פארין ווייל אבראשקע וועט אים נאך רעכענען פאר אגנב ווען ער וועט גיט פארין. דעם זעלבינין טאג וואס ער האט דעם בריף ערהאלטין פון רידאנאוו איז ער גלייך אוועק געפארין. א! גליקליך אין צופרידין איז ער פון מיר אוועק געפארין. אין האט מיר צו געזאגט דאס ער וועט זיך גיט לאנג זאמען; אבער גיט גיט איז געוועזן דיין צוריק קומען! דען אין צעהן טאג ארום האט מען אים געבראכט אשלאפין אין אן אלשון. ער האט מיר אפילו גיט געקאנט דער ציילין וואס מיט אים איז געשעהן; גאר פון אבריף וועלכע ער האט מיר נאך פון העט געטריבין האב איך זיך דער וויסט דס ער איז שלאף געווארין פון איין דער שרעק. דיא קאנקם זיך פארשטעלין וויא איך האב אים מיט אלע מעגליכקייטין געראטעוועט מיין גאנצין קאפיטאל האב איך אן געווארין. אין עס האט גיט געהאלפין ער איז אויף דעם צעהנטין טאג געשטארבין. — מיין האט שוין מלכה גיט געקאנט ריידין. פון אירע אויגין האבין זיך אגאס געגעבין צוויי קוואלין טרערין. — וויין גיט ליבע מיטער. האט זיא סאלאמאן געבעטין. איך וויל דיר עפעס זאגין. גאר בערוהיג זיך. דיא זאלסט וויסין אז וויא איך פערשטיי איז אין אונזער פאטערס טוידט גאר געוועזין אפאקים. דערום וויל איך פון דיר יעצט ליבע מיטער בעטין. דיא זאלסט מיר ערלויבין צוא רייזען אויף דער קעקס האשט אויף אהאלב יאהר. מיטער. פעיערע געטרייע. די מוזט מיר דיזעס ערלויבין. איך וועל דיר יעדער וואך בריף שרייבין. ציין מיין קינד. דאס קאן איך דיר גיט

ערלויבין —

ערלויבן. ווייל דיא ביזט מיר גיבליבן דיא איינציגע טרייסט נאך דיין פאטערס טויט; האט מלכה מיט טרערן אין דיא אויגן גיענטפערט. —

זאג איך דיר גיוויס מוטער דאס איך וועל דא ניט קאנען לעבן. מיין הארץ ציהט מיך אין דער פרעמד. מיר איז אשרעקליכער גידיינק און קאפ ארויין. און אויב דיא ווילסט אז איך דיין איינציגער זין זאל לעבן, זאלסטע מיר ערלויבן צוא רייזן. זאג מיר דיין גידיינק האט מלכה גיבעטן. —

ניין מוטער. איך קאן דיר נאך יעצט מיין גידאנק גיט זאגן איך בעט דיך נאר דיא זאלסט מיר ערלויבן צוא רייזן. —

אבוואהל איך קאן דאס דיר ניט ערלויבן ווייל אן דיר איז מיין לעבען קיין לעבן ניט. דאך מוז איך דיר דיזעס ערלויבן. דען דיין פערלאנג איז ביי מיר טייערער אלזא מיין קינד! פאר. גאטט זאל דיר בעגליקן דיא וועג. איך גיב דיר מיט מיין ברכה מיט דעם בעדינג. אז דיא זאלסט מיר שרייבן אפטר בריף וויא דיא האסט גיזאגט. —

יא מוטער. דיזעס וועל איך גיוויס ערפילן. נאר איך וויל דיך נאך איין זאך פרעגן. ווען עס איז יא וויא דיא זאגסט אז משה מעסעם מאן איז פערפאלן גיווארן. וויא שויין האט זיא גימעגט חתונה האבן?

זיא איז אוועק גיפארן אין זיבן אין האט אין אפאר וואכן ארום גיטראכט אכתב מיט חתימות פון צעהן יודן האט איר מאן איז ניט וייט פון רידאנאוו גישטארבן. —

נוא יעצט פערשטייא איך שוין — זאגט סאלאמאן — דא איז איך דער וועלבינער סאקס גיוועזן. נוא מוטער לאז נעמען איין ענדע צוא אונזער גישפרעך. גרייט מיר צוא בעסער אלעס צוא דער רייזע. דען איך רעבין אין גיכן פארן. —

יא. איך וועל דיר אלס צוא גרייטן, נאר זאג מיר מיין קינד ווענין וואס פרעגסטע זיך נאך אויף משה ן? האט מלכה גיפרעגט. —

איך האב דארינען קיין שום מיין ניט — האט סאלאמאן גיענטפערט. איך וויל אזוי וויסן ווייל עס ווינדערט מיך שטארק. —

22

# דיא שיינע לאה

ביי יעצט מיינע ליבע לעזער! איידער סאלאמאן וועט זיך אוים קלאבן פארן וועלן מיר דער ווייל מאכן ארייזע קיין רידאנאוו. דארט וועט איך באקאנט מאכן מיט אבראשקען סאקס. דען ער שפילט אגרויסע ראלע אין אונזער ראמאן. —

אבראשקע איז איינער פון דיא רייכסטע אין פארנעמסטע בעלי בתים פון דער שטאדט רידאנאוו. דען ער איז ארייכער מאן אין פירט גרויסע גישעפטן. נאר ער אליין מישט זיך אין קיין שום גישעפט ניט ווייל ער איז איינער פון דיא גרעסטע למדנים אין זיצט טאג אין נאכט אין לערינט. אין שטאדט ריפט מען אים אבראשקא דער דיין ווען ער פלעגט פסקנען שאלות. ער איז גיוועזן פרום אין האט אויך ניט פיינט גיהאט דיא היינטיגע נייע וועלט; זיין פרוי מרים איז אויך גיוועזן פרום אין גיט הערציג. פון איר האנד פלעגט פיל צדקה ארויס. ביי איר האבין שטענדיג ארעמע לייט גיגעסן. דען זיא האט גירעכנט דאס קיין אנדער מצוה קאן צוא איר גיט ניהערין וויא נאר ביהילפיג זיין ארעמע לייט מיט שטוב זאכין אין געבין זיי עסין מיט איין ווארט דאס איז גיוועזן,

אזא

צוא הויז וואס קיינער איז פון איר און קיין הילף ניט ארויס. ווען ער איז זיא נאר גיגאנגען בעטין. אם סיינסטין האט זיך אויס ניצייכינט זייער איינציגע טאכטער לאה, אין שטאדט האט מען זיא גירופין „לאה דעם רבין'ס" אדער „דער שיינער ברילאנט" דען זיא האט גילייכטין וויא אשיינער ברילאנט. און אויף איר גיזיכט איז גיוועזן וויא אצויבער אויס גיגאסין; דיא איז גיוועזן ניט פון שטארק הייכין וויקס און ניט איבעריג איידיל. אירע צוויי שווארצע אויגן וועלכע האבין גיצייכנט איר קריגשאפט און גוט הערציגקייט האבין וויא צוויי ליכטיגע דימאנטין פון איר קאפ ארויס גישיינט. איר גאנצער גיזוכט איז גיוועזן וויא גיטאקט. און מען קאן זאגין דאס דיא נאטור האט אויף איר — איר גאנצער כח... אויס גיגאסין. און איר גיזיכט האט מען גלייך ניט גיקאנט קוקין. און ווען א... פערבייא איר דורך גיגאנגען און האט זיא דערזעהן. איז ער ניט ג... אין שטאנד זיך איין צוא האלטין ער זאל דעם צווייטין מאהל ניט דורך גיין צוא ז... זיא אצווייטין מאהל. דען זיא האט אין זיך איין אונגאטורליכען אויס זיכט גיהאט א... איר גיזיכט איז גיוועזן וויא איין מאגנעט. וועלכעם האט צוא זיך גיצויגין יעדין ב... נס הארץ. צוא איר שיינקייט איז זיא נאך גיוועזן העכסט קלוג און גיבילדעט. זיא האט גוט גיקאנט לעזין און שרייבין רוסיש דייטש און פראנצייזיש. יודיש איז קיין ד... ניט וואס זיא האט ניט גיקאנט אלעס האט זיא זיך אין דער יוגענד גילערינט; דער צוא איז זיא גיוועזן פרום און גוטהערציג. אויף יעדין האט זיא מיטלייד גיהאט, און האט גיהאלפין יעדין נויט בעדערפטיגין ווי וועיט זיא האט גיקאנט דאס איז גיוועזן אזוא ל... ניט אפט גיפינט מען אזעלכע לאה'ס אויף דער וועלט. יעצט ווען מיר גייען צוריק צוא אבראשקען טרעפין מיר אים מיט זיין פרוי און טאכטער זיצין לעבין טיש און טרינקען טהיי. לעבין זייא זיצט אגרידירינער גראבער יונג מיט אגיווינטין גראבין נאז און וועלכער ער שיט יעדער מינוט אגיווינטע ושמעקע טאבאק אריין. מיט אגרויסע קלוטיגע פאטשילע ריינינט ער אויס דיא נאז און זאגט צוא דעם הער; איך זאג אייך ר' אברהם פאלגט מיך און טוט דעם שידוך מיט ר' שלמה גאלדבערג[ן]. ניט פארגעסט אז ער איז איוד א-נעושר. ער פערמאגט זיינע צוואנציג מיליאן קארבין. און דער זין זיינער איז דאך פארגעסט ניט גאר אצדיק. איר זאלט אים זעהן איז ער גאר הויט און ביינער. דאר וויא אשטעקיל. פערשטייט אפילו קיין וואורט רוסיש ניט. לערנען קאן ער ווי דיא גאנצע עולם. דער צוא גיט אים זיין פאטער פופציג טויזנד רובל נדן. פון קעסט איז קיין רעדע ניט היינט פון זיין משפחה דארפט איר דאך גאר ניט פרעגין, דען ער איז דורך אויס גיקנאפין פון גאנצע רבנים און דיינים. מיט זיין משפחה מאג זיך ריסען דיא גאנצע וועלט; פאלגט שוין טאקע מיך ר' אברהם און קלערט גאר ניט וועגין דעם שידוך דען אבעטערין פון דעם דארפט איר ניט. —

דער וויל קאן איך נאך ניט וויסין דיא גיפעצקייט פון אים. האט אברהם גיענטפערט מיר וועלין זעהן אז דער חתן איז אין דער וואהר אפאלנער מענטש וועל איך זיך פון דעם שידוך ניט ענטזאגין. —

דער פון פערשפארט איר גאר צוא קלערין האט דער שדכן גיזאגט און האט אגיווינטין שמעק טאבאק גיטאן. איר דארפט וויסין אז איך בין ניט פון דיא שדכנים וואס גיבין פאר אויפין הימעל אארויף. —

נוא ווילין מיר זעהן האט אבראשקא גיענטפערט. מיר האבין נאך צייט. דער וויל טרינקט טהיי. —

דער שדכן האט אויס גיטרינקען צוויי גלעזער טהיי און איז אוועק. —

מֶען הָאט גִיזָאגְט בַּאמֶערְקִין אַז לֵאָה הָאט אָן גִיהוֹיבִּין פְּרִיעֶר צוּא אָטֶעמֶען אוּנְט דֶער שרכן אִיז אַוֶועק. —

23

## אַנְלִיקְלִיכֶע בֶּעגֶעגֶענִישׁ

אוֹיף דֶעם טְרֶעטוּאַר פוּן נ... עֶר שְׁטְרַאסֶע אִין דֶער שְׁטָאדְט ווִידְרַאנַאוּ זֶעהֶן מִיר גֵיין צְווֵוי מֶענְטְשִׁין. אֵיינֶער קֶענִין דֶעם צְווֵייטִין. אִין אַלְט ווִי דֶער זֶעהְט זִיךְ שְׁטֶעלִין זֵיי זִיךְ אָפּ. —

ווָאס מַאכְסְטֶע גוּטֶער בְּרִידֶער? הָאט אֵיינֶער פוּן דִיא צְווֵוי. ווֶעלְכֶער אִיז גִיגַאנְגֶען אֵיין אַלְטִין שִׁינֶיעל. גִיזָאגְט צוּא דֶעם צְווֵייטִין ווֶעלְכֶער אִיז גִיגַאנְגֶען הֶעכְסְט עֶלִיגַאנְטִישׁ גִיקְלֵייְדֶעט. דִיכְט מִיר אַהרן גלאנצמאן? הַא? אִיךְ הָאבּ דִיכְט מִיר קֵיין טָעוּת נִיט. —

יָא. הָאט גלאנצמאן גִיעֶנְטְפֶערְט. נָאר פַאר ווָאס קָאן אִיךְ אַייךְ נִיט? —

ווָאס? דִיא דֶערְקֶאנְסְט מִיךְ שׁוֹין נָאר נִיט? דִיא דֶערְקֶאנְסְט שׁוֹין נִיט דַיין אַמָאלִיגִין בֶּעסְטִין פְרַיינְד? זָאג אַז דִיא מַאכְסְט זִיךְ אַזוֹי. דִיר שְׁטֵייט נִיט אָן זִיךְ צוּא בֶּעקֶאנֶען מִיט אַזַא שְׁלֶעפֶּער ווִיא אִיךְ בִּין. דֶערְקֶאנְסְטֶע דֶען נִיט דַיין בֶּעסְטִין פְרַיינְד עליושקע? —

עליושקע?! הָאט גלאנצמאן פַארְווִינְדֶערְט אַנִישְׁרֵיי גִיגֶעבִּין. דָאס בִּיזְט דִיא דֶער יוּנְגֶער שֵׁיינֶער עליושקע? ווִיא בִּיזְטֶע דָאס אַזוֹי גֶעוַואקְסִין גִיוָוארִין? אַזוֹי אַלְט אִין אָפּ גִירִיסִין גִיוָוארִין! אַ נָאט! ווָאס זֶעה אִיךְ? —

יָא. גוּטֶער בְּרִידֶער. הָאט עליושקע מִיט אַזִיפְץ גִיעֶנְטְפֶערְט. צָרוֹת מַאכִין אַלְט. זֵיי מַאכִין מִיאוּס אִין נַארִישׁ. אַ! בְּרִידֶער! ווָאס ווֵייסְטֶע ווָאס אִיךְ בִּין אִין דֶער צֵייט אוֹיס גִישְׁטַאנֶען? אִין ווִיא פִיל אַסְטְרָאגִין בִּין אִיךְ שׁוֹין גִיזֶעסִין אִין ווִיא פִיל אוּנְגְלִיקִין בִּין אִיךְ שׁוֹין גִיוֶועןְ?!

אַזוֹי? הָאט גלאנצמאן פֶערְווִינְדֶערְט גִיפְרֶעגְט. קוּם זְשֶׁע בְּרִידֶער אַרַיין אִין אַבּוּרְהַאלֶע. מִיר ווֶעלִין טְרִינְקֶען בִּיר אִין דִיא ווֶעסְט מִיר דֶערְצֵיילִין פוּן אַלֶעם ווָאס מִיט דִיר הָאט זִיךְ גִיפַּאסִירְט. —

נֵיין. בְּרִידֶער מִיר גֵייט הַיינְט קֵיין טְרִינְקֶען נִיט. אִיךְ ווִיל בֶּעסֶער עֶסִין. דֶען אִיךְ הָאבּ שׁוֹין פוּן נֶעכְטִין אָן נִיט גִיגֶעסִין.

נוּא ווֶעלִין מִיר בֵּיידֶע זַאכִין. עֶסִין אִין טְרִינְקֶען. הָאט גלאנצמאן גִיעֶנְטְפֶערְט אִין אִיז מִיט עליושקען אִין אַבִּיר הוֹיז אַוֶועק. —

אַלְס זֵיי זֶענֶען בֵּיידֶע אַרַיין הָאט גלאנצמאן גִיהֵייסִין גֶעבִּין עֶסִין. זֵיי הָאבִּין פְּרִיעֶר גִיטְרִינְקֶען בְּרָאנְפִּין. אִין נָאכְהֶער הָאבִּין זֵיי גִיגֶעסִין. —

עליושקע הָאט גִיגֶעסִין מִיט גְרוֹיס אַפֶּעטִיט. אִין פוּן זַיין עֶסִין הָאט מֶען גִיקָאנְט פֶערְשְׁטֵיין אַז עֶר הָאט קֵיין לִיגִין נִיט גִיזָאגְט דָאס עֶר הָאט שׁוֹין פוּן נֶעכְטִין נִיט גִיגֶעסִין

אַלֶעס זֵיי הָאבִּין אָפּ גִיגֶעסִין הָאט עליושקע עֶרִינְסְט בַּארַאנְקְט גלאנצמאנען; נָאטְס ווָאל דִיךְ אַזוֹי מְחַיֶה זַיין ווִיא דִי הָאסְט מִיךְ מְחַיֶה גִיוֶועןְ. דִיא מֶענְסְט מִיר גְלַייבִּין אַז אִיךְ בִּין אִים גִיגַאנְגֶען פָּשׁוּט ווִיא אַטוֹיטְמֶער. אָבֶּער לָאז שׁוֹין זַיין אסוף הָאט גלאנצמאן גִיזָאגְט. דֶער צֵייל מִיר שׁוֹין ווִיא בִּיזְטֶע בִּיז יֶעצְט גִיוֶועןְ. ווֶעלְכֶע אוּנְגְלִיקִין הָאט דִיךְ גִיטְרָאפִין? —

מין געשיכטע איז זייער אלאנגע — זאגט עליושקע — אלזא בעטע איך פון דיר צוא שטעלין עטליכע בוטעלין ביר אויפין טיש. דען עס וועט מיר געוויס טרוקין ווערין אין ביידען ריידענדיג. —

גלאנצמאן האט געשטעלט א מיץ ביר און האט געזאגט: דאז שוין גענומען איין ענדע. דער צייל וואס מיט דיר האט געפאסירט. —

אום צוא דער צייל'ן דיר וויא מיט מיר האט ביז יעצט געפאסירט. מוז איך דיר פריער דער צייל'ן וואס מיט מיר האט געפאסירט מיט צוואנציג יאהר צוריק. —

דער צייל שוין וויא אזוי דיא ווילסט. אבי איך זאל שוין הערין ווארטער פון דיר. האט גלאנצמאן אביסיל פערדריסליך געזאגט. —

מיט צוואנציג יאהר צוריק — האט עליושקע אן געפאנגען צוא דער צייל'ן — בין איך געווען אין דער שטאדט גראדאוויל מיך האט אהין געבראכט אונזער בעקאנטער. זלמן ברענסאן. דען ער האט מיך גידארפט צוא א־גייטיגין געשעפט. דיא מעשה פון דעם געשעפט איז אזוי געווען; אין דער שטאט גראדאוויל האט געוואוינט אגרויסער גביר ר' משה בראש. ער איז געווען זייער רייך און האט געפירט גרויסע געשעפטין· אלס זלמן איז קיין גראדאוויל אן געקומען און האט דעם ר' משה'ן דער זעהן האט ער אים דערקאנט דאס ער איז ניט משה בראש נאר דוד מאקס. וועלכער איז פערורטהיילט געווארין אויף צווייגע קאטעארגע פאר איין שרעקליכען פארברעך. האט זלמן זיך זייער דער פרייט מיט דער מציאה'לע וואס ער האט געפינען. דען דאס איז געווען איין ארט וואס מען האט גוט קאנען נעמען געלט. איז ער באלד אוועק צוא דעם משה'ן און האט אים און דער שטיל אפ געגעבין מזל טוב פאר דעם נייעם נאמען. משה האט זיך פריער געמאכט ניט הערענדיג גלייך וויא ניט אים מיינט מען. נאר זלמן האט אים דיא זאך צוא פערשטיין געגעבין אז ער קאן פון אים ניט גלאט אפ שנייד'ן. און משה וועלכער האט ניט פערשטאנען אנשעפם אונ האט קיין סך ניט געטראכט און האט זלמען צוא זיך אין הויז אריין גינומען פאר אגישיק גאסט באלד האט משה געגעבין זלמען איין ארבעט. דען אין דער אייגענע שטאדט האט געוואוינט נאך איין רייכער מאן מיט דעם נאמען שלמה פרישמאן. משה האט געוואלט דערזין שלמה'ן צום טייפיל שיקן. דען ער פלעגט אים קאלע מאכען זיינע געשעפטין· האט ער געבעטין זלמען דאס ער זאל אים דיא ארבעט טוהן. ער האט אים דער פאר צוא געזאגט צעהן טויזענד רובל. — זלמן וועלכער האט זיך קיין מאהל פון אזעלכע געשעפטין ניט אפ געזאגט. האט היינט אויך משה'ן צוא געזאגט דאס ער וועט דיא זאך ריכטיג טאן. צוא דיזין געשעפט האט מיך זלמן זייער נייטיג געדארפט. חייל ביי מיר אין ביי דעם שלמה'ן איז איין געזיכט. ווען איך זאל אן טאן זיינע קליידער. און דיא זאהלסט קאנען דעם שלמה'ן. וואלסטע אין לעבין ניט געזאגט אז איך בין עליושקע נאר — שלמה. זלמן האט באלד נאך מיר געשיקט. און איך בין גלייך געקומען. ער האט מיר דערציילט דעם גאנצין אינטערעס וואס ער וויל דא טאן און מיר איז דס געפעלין געווארין. — באלד האט זלמן אוועק געשיקט אבריוו צוא דיר אז דיא זאלסט ארויס שיקן אבריוו צוא שלמה'ן פון דיין בעל הבית האנדר אז מען רופט אים אויף איין רעכענונג· און שלמה אלס ער האט דעם בריוו ערהאלט'ן איז ער גלייך געפארין. —

און איר האט אים — וויא איך פערשטעה — אויפין וועג געפאטורט? האט גלאנצמאן אינטער געכאפט. —

ניין. ווארט דיא וועסט הערין — האט עליושקע ווייטער דער ציילט — מיר זענען גלייך נאך געפארין נאך שלמה'ן. און אין מיטין וועג אלעס ער האט זיך אפ געשטעלט אויף אפאר מינוט... האבין מיר אים אויף געכאפט און מיר האבין אים אטפראוועט דורך אונזער

אנאנגענט קיין ראיאלאך. דארטין האט איס זלמן אריין געגעבין אין איין ארעמנהויז וועלכער ניהער צו איינעם מיט דעם נאמען בעריל קאצענאוויג. זלמן האט איס בעצאהלט טוויינד רובל דאס ער זאל האלטין שלמהן ביי זיך אזוי לאנג ווי ער וועט לעבין אין אבעזינדעשר צומער. דען זלמן האט נאך גירעכינט דאס מלכה שלמה'ס ווייב וועט איס נאך אמאל געבין עטליכע צענדליג טויזנד רובל אויס ליוז געלט פאר איר מאן. — אויף שלמה'ס ארט בין איך ארויף אויף דער פיר מיט וועלכע ער איז גיפארין אין בין גלייך אויף אקטאנציע פערפארין. ביי נאכט צוועלף דעם זייגער ווען אלע זענען גישלאפין בין איך ארויס אויף דער גאס אין האב גימאכט אגוואלד. פון מיין גישריי זענען אלע אויף גישטאנען, אין זענען ארויס זעהן וואס מיט מיר איז גישעהן. אין אלעם ווי האבין מיך גיפרעגט וואס מיר איז גישעהן, האב איך זיך גימאכט פאר שטום. אין מיט ווינקען האב איך זיי גיוויזין דאס איך האב זיך זייער איבער גישראקין. (מיר האט ניט גיטויגט מען זאהל הערין מיין שטימע. פיליכט דער קאנט מען מיך.) באלד האט מען גישריבין אבריף צוא מלכהן דאס איר מאן איז פון איין דער שרעק שטום אין שלאף גיווארין. אין מיך האט מען אויך באלד אטפראוועט קיין גראדאוויל. דיא קאנסט זיך מעלדען פון מיין מלכה האט גיוויינט אויף מיר קוקנדיג. זיא האט מיך גיקושט אין גיהאלדזט. איין האט אפשר צעהן מאהל אין אמינוט גיחלשת. זיא האט גיבראכט דקטורים. עס האט איר אבער גאר ניט גיהאלפין. דען איך בין אין צעהן טאג ארום זייגער צוועלף ביינאכט גישטארבין. — דיא קאנסט זיך פארשטעלין דיא לאגע פון מיין מלכהן ווייא זיא האט גיוויינט יענע נאכט. איך האב אונטער דעם לייליך אויף דער ערד ליגענדיג צוא זיך אליין גילאכט. מיר האט אפילו גיריסין שטארק דאס הארץ אויף איר. איך האב גיהערט וויא זיא האט מיך בעוויינט. ווי זיא האט גיחלשט. ווי מען האט זיא גימינטערט זיא האט אפילו ניט גיהערט וויא ר' זלמן דער פערשטעלטער גבאי פון חברה־קדישה. מיט צוויי גירינגע שמשים האבין מיך פון שטוב ארויס גיטראגין. — זלמן האט מיר פאר מיין ארבעט ערליך בעצאהלט. דען ער האט מיר אוועק גיגעבין דיא גאנצע צעהן טויזנד רובל וואס ער האט ביי משה'ן גינומען. —

נוא איין וואס איז איס גיבליבין? האט גלאנצמאן גיפרעגט. —

זיך האט ער גינומען נאר אגרויסען פרייז פאר זיין מיה. דען ער איז גיבליבין בעל הבית אויף משה'ס גאנצין קאפיטאל. ער איז היינט דער גרעסטער גביר אין גראדאוויל. —

מיט וואס פאר איין אופין? האט גלאנצמאן פערוואונדערט גיפרעגט. —

ווארט די וועסט זיך גלייך מיין ווינדערין! האט עליושקע גיענטפערט. הער אויס! דער משה האט גיהאט אווייב מעסע. זיא האט קיין קינדער ניט גיהאט. נאר זיא האט זייער גיוואלט האבין קינדער ווייל זיא האט זיך גיפורכטעט דאס ווען זיא וועט קיין קינדער ניט האבין וועט זיא בלייבין נאך משה'ס טוירט אהיא אופין וואסער. פאר זלמען האט זיא גיעפינט איר גאנץ הערץ. זיא האט מיט איס אן גיהויבין לעבין ניט. דען ער האט איר צוא גיזאגט אז זיא וועט בעגליקין משה'ן צום יאהר מיט אקינד... אין עס איז טאקע אזוי גיוועין. דען מעסע האט צום יאהר גיבוירין אטאכטער. משה האט אבער פערשטאנען פון וואנען דיא טאכטער קומט ארויס. אין אויף וואס פאר אצעטעל האט זיא אויף דער וועלט גיבראכט. האט ער דיך אן גיהויבין פירכטען פיליכט וועלין זיי איס פון דער וועלט אוועק יעגער וועלט אוועק שיקין. איס גיכער זיין קאפיטאל אוועק גענעמען: דורך דעם איז ער גיווארין מעלאנכאליש. עס איז גיוועין אסטראשנא זאך ... קוקין אויף איס. — זלמן האט באמערקט פון משה'ן צווייזאכין. ערשטינס אז ער האט

האט חרטה וואס ער האט שלמה׳ן פון דער וועלט גיפטערט. דען ער האט איין מאהל גיהערט פון אים דאס ער סורבעטעט זיך אז שלמה זאל אים ניט קומען ווארגין. צווייטענס האט ער דער שפירט אז משה וויל פערקויפין זיין אימושעסטווא אין אנטלויפין; דיזעס איז ולמנען זייער ניט גיפעלין. האט ולמן דער צוא שוין באסערט איין עצה; איין מאהל איז משה גינאנגען אונטערין שטאדט שפאצירין. ניזויינליך האט ער גיטראגט פלאנער וויא צוא מאכין דיא פלטה. בין איך אונטער גינאנגען מיט איין אוים ניטשפירט גיווכט אין ווייסע פארב אין האב זיך גישטעלט קעגין אים מיט אזאק אין האנד. אלמן משה האט מיך דערזעהן האט ער ניט מיט זיין שטומע אגישריי גיגעבין „שלמה״! איך האב אים דערויף באלד גיענטפערט דאס איך בין אים גיקומען ריפען צום בית-דין של-מעלה זיך לאדין פאר וואס ער האט מיך אזוי יונג פון דער וועלט פערטריבין. משה האט זיך ביי מיר אן גיהויבין בעטין אין האט ביטער גיוויינט. גאר אים האט גאר ניט גיהאלפין. ער האט גימוזט אריין אין זאק. אין מיר האבין אים אוועק גיפירט אין דעם וועלבינין ארט וויא שלמה איז גיזעסן. –

דא האסטע באדארפט זעהן אסצענע וויא משה האט אן גיהויבין רעווען ווי אביק ... ער האט דעם ווארען שלמה׳ן דערזעהן. מען האט זיי ביידין פערשלאסין אין ... דער צימער אין מיר זענען אוועק. –

ולמן איז ניבליבן אויף משה׳ס ארט ער האט באלד חתונה גיהאט מיט מעסען אין איך האב פאלוטשעט נאך פינף טויזענד רובל אין בין אוועק. –

אשטיק צייט האב איך זיך אום גידרייט איבער דער וועלט. מיין געלט האב איך געפאטירט אביסיל האב איך אויף גיגעסין. אביסיל פאר טרינקען אין אביסיל פערשפילט אין קארטין. מיט איין ווארט איך בין גיבליבין אן א גראשין געלט. אין דער צייט האב איך זיך גיפינען אין פ.... דיא קאנסט פארשטיין וויא ניט עס איז צוא זיצען אין פ.... אן אקאפיקע געלט קיין ארבעט איז ניט גיוועזן. שלעכט! איך גיי אים איבער דער גאס אין טראכט וויא נעמט מען עפעס צוא עסען פאר וואס צוא קויפין איז ניטא. דען איך האב ... פון זיך פערקויפט די לעצטע העמד. אין דעם גייט ציא צו מיר אפריסבאי אין פרעגט מיך פון וואנען איך בין. וויא אזוי איז מיין פאמיליע צו איך האב אבאס – דיא מענטש מיר גלייבין אז ער האט מיר מיט דיא ווערטער גיגעבין וויא מיט אבילאיין אין קאפ. דען קיין פאס האב איך אויף מיין לעבין ניט גיהאט פון וואנען איך בין גידענק איך ניט. אין מיין פאמיליע ווייס איך אליין ניט. היינט וואס ענטפערט מען איב? איך האב באלד פערשטאנען אז מיט מיר וועט מען זיך באנייין כמנהג האבארדיאנעס. האב איך אן גיהויבין קלעדין וויא ציא רעטען זיך פון אזא אונגליק. נאר קלער היינט קלער בארנין עס איז ניטא קיין עצה. פליצים איז מיר אנגידיינק איך זאל זאגין אז איך בין פון רידאנאוו איך האב זיך זייער גיוואלט זעהן מיט ולמנען פאר מיין אטפראווקע קיין סיביר איינער פון ולמנס אגענטין האט מיר גיזאגט אז ער גיפינט זיך היינט אין רידאנאוו) מיין נאמען האב איך גיזאגט איז עליושקע. מיין פאמיליע ווייס איך ניט. אין אפאס האב איך ניט. דער פריסטאוו האט מיט מיר קיין סך ניט גיטשעניעט ער האט מיך באלד אפ געשיקט פאעטאפאם קיין רידאנאוו. דיא קאנסט זיך פארשטעלין ווי פיל אסטראגין איך בין איבער גיזעסין אין דער צייט וואס איך בין אים גינאנגען מיט דעם עטאפ. וויא באלד איך בין גיקומען קיין רידאנאוו האט מען מיך גינומען אויף אספראווקע מהאט אן גיהויבין זיכין אין דיא ביכער חעסעס איך בין פון וואנען איך קום ארויס. היינט שטעל זיך פאר מיין איבעראשינג וויא איך בין איבער האשט גיווארין אלס מען האט גיפינען דאס מיין פאטער איז זהב. אין מיין פאמיליע איז סאקס. דאס הייסט אז איך בין משה בראש דעם

נראדאווילער

גראדאווילער נְבִיר׳ס אַזָאהן. אִיךְ בִּין גִיבְּלִיבִּין שְׁטֵיין אוֹיף מַיין אָרְט וְוִיא צוּא מִישְׁט. אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אֲפִילוּ נִיט נִיהֶערְט וְוִיא מֶען הָאט מִיר גֶעזָאגְט דָאס אִיךְ בִּין פְּרַיי. אִיךְ מֶעג גַיין וְוִיא אִיךְ וְוִיל. אִין אַשְׁטוּנְדֶע צַייט בִּין אִיךְ עֶרְשְׁט אַוֶועק. אִין אִיךְ הָאבּ זִיךְ עֶרְשְׁט אָן גִיהוֹיבִּין צוּא בַּאקְלֶערִין וָואס פַאר אַגְלִיק מִיר הָאט זִיךְ דָא גֶעטְרָאפֶען. אַז אִיךְ בִּין דֶער אֵיינְצִיגֶער נַאכְלֶעדְנִיק פוּן משה בראש קַאפִּיטַאל. הַיינְט בְּרִידֶער גִיבּ אַיין עֵצָה וְוִיא זִיךְ צוּא בַּאגֵיין. וְוִיא צוּא פֶערְטְרַייבִּין דִ׳מענען פוּן משה׳ס גִיטֶער. וֶועלִין מִיר בַּיידֶע לֶעבִּין וְוִיא נָאט אִין אַרֶעסס. —

דַיין גִישִׁיכְטֶע גִיפֶעלְט מִיר זֵייעֶר — הָאט גלאנצמאן גִיעֶנְטְפֶערְט — קֵיין עֵצָה אִיז נָאךְ דֶערוַויל נִיטָא. קוּם. מִיר וֶועלִין מִיט דִיא צַייט בַּאקְלֶערִין אַיין עֵצָה. —

עליושקע הָאט אִים נָאךְ אַמָאהְל בֶּעדַאנְקְט פַאר דֶעם אִיבֶּער בַּיים. אִין זַיי זֵיינֶען בַּיידֶע אַוֶועק. —

---

## 24

### דִיא רֵייזֶע

עֶס אִיז נִיקוּמֶען דֶער לֶעצְטֶער טָאג אִין וֶועלְכִין סאלאמאן הָאט גִיגַראדְפְט אָפְּרַייזִין פוּן גראדאוויל. עֶר הָאט גִינוּמֶען אָפּ שֵׁייד פוּן אַלֶע זַיינֶע גוּטֶע בְּרִידֶער. עֶס אִיז נִיקוּמֶען דִיא לֶעצְטֶע מִינוּט וָואס עֶר הָאט זִיךְ גִיגַראדְפְט גִיזֶעגֶענֶען מִיט זַיין לִיבֶּע מוּטֶער. דִיא לֶעזֶער קָאנֶען זִיךְ פָארְשְׁטֶעלִין דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע סְצֶענֶע וָואס דָארְטִין אִיז גִיוֶוען. מלכה אִיז גִיפַאלִין אוֹיף אִיר זָאהְנ׳ס הַאלְדְז. זִיא הָאט אִים גִיקוּשְׁט אִין הָאט בִּיטְעֶר גִיוַויינְט. אִיר הַארְץ אִיז פֶערְשְׁטֵיינֶערְט גִיוָוארִין זִיא הָאט קֵיין וָוארְט נִיט גִיקָאנְט הֵיידִין. נָאר מִיט דֶער גְרֶעסְטֶער שְׁוֶועהְקַייט הָאט זִיא קָאם אוֹיס גִירֶעדְט דִיא וֶוערְטֶער. פַאר גָאט לִיבֶּער זָאן! — מֶען קָאן זָאגִין דָאס סאלאמאן אִיז אִין דֶער צַייט גִיוֶוען וְוִיא אַמֶערְהֶער וֶועלְכֶער וִויל נִיט הֶערִין דָאס גִיבֶּעט פוּן דִיא אוּנגְלִיקְלִיכֶע וָואס בֶּעטִין זִיךְ בַּייא אִים זֵייעֶר לֶעבִּין צוּא שַׁיינְקֶען. דֶען עֶר הָאט זִיךְ אוֹיךְ גִימַאכְט אַהַארְץ נִיט צוּא הֶערִין דֶעם גִיבֶּעט פוּן זַיין לִיבֶּע מוּטֶער. וֶועלְכֶע הָאט זִיךְ בַּייא אִים מִיט טְרֶערִין גִיבֶּעטִין דָאס עֶר זָאל נִיט פָארִין. אִין דֶעם לֶעצְטִין מָאהְל הָאט עֶר גִיזָאגְט: אַדְיֶע לִיבֶּע מוּטֶער! זַיי גִיזוּנְד! לֶעבּ וָואהְל! —

מלכה׳ן אִיז נִיט גוּט גִיוָוארִין. זִיא אִיז גִיפַאלִין אִין אָנְמַאכְט. מֶען הָאט זִיא גִינוּמֶען מִינְטֶערִין. נָאר סאלאמאן הָאט שׁוֹין דָאס נִיט גִיהֶערְט. דֶען עֶר אִיז שׁוֹין זֵייעֶר וַוייט גִיוֶוען. —

אִין דֶער גְרֶעסְטֶער פֶערְצְוַוייפְלוּנְג אִיז מלכה גִיבְּלִיבִּין אַלֶעס מֶען הָאט זִיא עֶרְמִינְטֶערְט. זִיא הָאט זִיךְ עֶרְשְׁט אָן גִיהוֹיבִּין דֶערמַאנֶען וָואס מִיט אִיר אִיז גִיוֶוען. זִיא הָאט גִיזוּכְט סאלאמאן אִין עֶר אִיז נִיט גִיוֶוען. בִּיטֶער. זֵייעֶר בִּיטֶער אִיז אִיר אוֹיפְ׳ן הַארְצִין גִיוֶוען. אִין מִיט גְרֶעסְטֶע שְׁמֶערְצִין הָאט זִיא דִיא צַייט פֶערבְּרַאכְט. —

אִין אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶע פֶערְצְוַוייפְלוּנְג הָאט זִיךְ אוֹיךְ שרה מעכעס טָאכְטֶער. גִיפוּנֶען. זִיא אִיז גִישְׁטַאנֶען אִין הָאט גִיזֶעהְן וְוִיא סאלאמאן אִיר אֵיינְצִיגֶער גִילִיבְּטֶער אִין וֶועלְכִין זִיא הָאט נִיט גִיקָאנְט לֶעבִּין אַטָאג וֶוען זִיא הָאט אִים נִיט גִיזֶעהְן. פָארְט יֶעצְט אַוֶועק אִין

דער שטיל האט זיא מיט ביטערע טרערין גיוויינט. און מיט דער גרעסטער פערצווייפלונג איז זיא צוא הויזע אוועק. —

מוטער איך האלט ניט אויס. איך שטארב! האט זיא צוא הויזע קומענדיג גיזאגט צוא מעסען. —

וואס איז ליבע טאכטער? דער צייל שוין מיר וואס דיר איז גישעהן? האט מ״יסע ערשראקען גיפרעגט. —

שרה האט ניט גיקאנט ענטפערין. דער אטים האט איר פערכאפט. טרערין האבין זיך וויא וואסער גיגאסען פון אירע אויגין. —

מעסע איז גיבליבין העכסט ערשראקין. זיא איז גילאפין גיבער נאך זלמנען. —

וואס איז ליבע טאכטער? האבין ביידע נאריין קומענדיג גיפרעגט. וואס איז דיר טאכטער? גיבער ענטפער אונז. —

אוי. איך שטארב! מיין סאלאמאן מיין נשמה איז אוועק גיפארין. האט שרה מיט אשוואכע שטומע גיענטפערט. —

נוא טאכטער וועט ער דאך קומען. ער וועט דארפין ניט פערפאלין ווערין. האבין זייא ביידע בערוהיגט.

איך קאן אבער אן דער נשמה אמינית ניט לעבין. זאגט שרה. —

אוי וואס פאר איין אונגליק דאס איז. האט זלמן מיט אזיפץ גיזאגט. זאג מיר מעסע וואס האט דיר גיענטפערט דער שדכן?

ער האט גיענטפערט דאס וואס זיי האבין אים גיזאגט —

— וואס? .

— אז זיי האבין נאך צייט. ער וועט נאך אזוי גיך ניט הייראטין. דיא פערשטייט זיא דער אנטווארט גיוויס?

נוא דאס איז נאך אלץ וויניג האט זלמן מיט כעס גיענטפערט. ער מעג ניט וועלין און ער וועט מוזין הייראטין מיט מיין טאכטער איבער אזא פערזאוועץ זאהל מיין טאכטער נאך יונגע הייט אין דער ערד. אבער נאר ניט! איך קאן אים מאכין דעם אייגענים קונץ וואס איך האב גימאכט זיין פאטער. —

זיין פאטער טיא אים קיין שלעכטס ניט. האט שרה גיבעטין. —

איך וועל אים גיוויס קיין שלעכטס ניט טאן ווען ער וועט וועלין מיט דיר הייראטין. נאר קאם וועט ער ניט וועלין אזוי איז זיין לעבין קיין לעבין ניט.

---

## 25

## אין רידאנאוו

סאלאמאנס גידאנק איז גיוועזן צו פארין קיין רידאנאוו. דעם צעל דערפין וועלין דיא לעזער ווייטער וויסין. דער ווייל וועהן מיר אים שוין אין רידאנאו ביי דעם רייכין פאן אבראשקא סאקס זיצינדיג מיט אים בא׳ם טיש און טרינקען טהיי. —

אזוי. וועגט איר סאלאמאן פרישמאנס אזאהן? — האט אבראשקע גיזאגט ער איז גיוועזן זייער אגוטער און איין אייהרעלער מענטש: איך האב מיט אים אשטיק צייט גיהאנדילט און איך האב אים דערקאנט פאר איין ערענגליכין בראפין מאן. —

צום אונגליק איז אבער מיין אייהרעלטער פאטער נאר יונג גישטארבין איך בין שוין

שוין גיבוירין געווארין נאך זיין טוידט. זאגט סאלאמאן. —

יא. דאס ווייס איך. האט אבראשקא גיענטפערט. נאר איך וואלט וועלין וויסין ווא ער איז געשטארבין. צוא איז ער שלאף געלעגין. צו איז ער פלוצים געשטארבין. —

לייידער קאן איך אייך דערפין דיאווארהייט ניט זאגין. מיין גאנצער צעל פון מיין פארין צוא אייך איז געוועזן צוא ערפארין. אויב מיין פאטער איז ניט דורך איס אונטערוגע פון שלעכטע מענטשין געשטארבין. דען וויא מיין מיטער האט מיר דערצייילט מיט מיין פאטערס טוידט. קומט דאס ביי מיר ניט גלאט אוים — האט סאלאמאן געזאגט — אין האט אבראשקען דער צייילט פון אלעם וואס ער האט געוויסט פון זיין פאטערס טוידט. —

נוא וואס האט איר געוואלט פון מיר ערפארען? האט אבראשקע מיט פערווינדערונג גיפרעגט אלעם ער האט אין גאנצין אוים גיהערט סאלאמאנס דערצייילונג. —

איך האב געוואלט אייך פרעגין צוא איר האט אין דער וואהר אין יענער צייט ארוים גירופין מיין פאטער דורך אבריף צוא אייך אויף ארבעטונג. אדער ניין? דער פון קאן איך שוין אלעם פערשטיין. —

גיוויס ניט! האט אבראשקא גיענטפערט. דען אייער פאטער. וויא איך האב אייך גיזאגט. איז געוועזן אגאנץ ערענטליכער מאן. איך האב אים שטארק גיליבט פאר זיין ערענטליכקייט. איך האב אים קיין מאהל אויף קיין רעבעניג גיט ארוים גירופין איך קאן דערויף אפילו שווערין. —

נוא ווען אזוי — זאגט סאלאמאן — האבין גיוויס שלעכטע מענטשין מיין פאטער ערמארדעט. זיי האבין אים צוא ליב דעם מיט איין פאלשין בריף פון אייך ארוים גירופין. ער האט גאר ניט גיקלערט אז דא שפילט מען מיט אים אקאמעדיע פון טוידט. אפאטער! דיין גרוים ערליכקייט אין גיטצקייט האט דיך ניט גילאזין איבער טראכטין אויף יענעם קיין שלעכטעם. דיא האסט גאר ניט גידיינקט אז עס גיפונען זיך אזעלכע שלעכטע חאראקטערלאזע מענטשין אויף דער וועלט. סאלאמאן האט אן גיהויבן צוא וויינען. —

זייט דאך ניט אזוי פערצווייפעלט יונגער מענטש האט אים אבראשקע גיטרייסט ערשטינס זענט איר ניט איינער ביי נאט. אין צווייטינס וועט איר מיט אייער גיוויין גאר ניט העלפין. איר וועט דער מיט אייער פאטער ניט לעבעדיג מאכין. —

יא. מיין פאטער וועל איך ניט לעבעדיג מאכין. אבער אין דיא מערדער מוז איך ראבע נעמען. האט סאלאמאן מיט פייער גיזאגט. —

ווען איר וועט אין זיי קיין ראבע ניט נעמען וועט גאטט אין זיי ראבע נעמען האט אבראשקא גיענטפערט. —

גיוויינליך אז גאטט אין גיט איך. נאר מיינע אויגין זאהלין זעהן. וויא איז היינט אייער מיטער? האט אבראשקא גיפרעגט. —

מיין מיטער איז היינט אויך אין גראדאוויל. ענטפערט סאלאמאן. מיט ביטערין שוויים פער דינט זיא איר ברוידט. אין מיט דער גרעסטער מיה האט זיא מיך ערצויגין. נאר אלעם איך בין שוין עלטער געווארין איז איר אביסיל לייכטער געווארין. דען איך אהעם גראדאווילער לעהרער האב שוין פערדינט צעהן רובל אמאנהייט. נאר דאס אין דער לעצטער צייט האב איך מיך בעשלאסין צו אייך פארין. אין ערפארין אלעם וואס איך האב שוין פון אייך ערפארין. —

בעזיצט איר עפעס קאנטשאפט? פרעגט ווידער אבראשקא. —

יא. איך קאן איינגע שפראך: רוסיש דייטש אין פראנצויזיש מאטעמאטיק. האב איך

איך גיט גילערונט. תלמיד קאן איך גוט. איך גייץ אויך ווייער גוט צוא זיין אבוכהאלטער אבוואל איך האב נאך דערינגען ניט גיפראקטקיערט. דאך פיהל איך מיך פייהיג צוא באטרעטין דיזער שטעלע. —

אבראשקא האט אביסיל מפלפל גיוועזן מיט סאלאמאנען אין תלמיד. אין אלעם ער האט אים דערקאנט פאר איין גרויסין תלמידוסט האט ער גיזאגט; אויב אזוי איז ניט וועט איר ביי מיר האבין אשטעלע. דען מיין בוכהאלטער וועלכער איז שוין בייא מיר פון אלאנגע צייט איז יעצט שטארק שלאף גיווארין גאטט ווייסט צוא ער וועט שוין לעבין. דען אלע דקטוירים האבין זיך פון אים ענטזאגט. אלזא וועט איר זיין שטעלען באטרעטין. איר האט ביי מיר הונדערט רובל אמאנהייט. —

סאלאמאן איז העכסט ערפרייט גיווארין מיט דיא ווארטער. ער האט אבראשקען באדאנקט. — אין דעם איז אריין לאה אבראשקעס טאכטער אין סאלאמאן האט ניט ווילינדיג אקיק גיטאן אויף איר. —

וואס ווענט איר אזוי בלאס אין ערציטערט גיווארין האט אבראשקא סאלאמאנען גיפרעגט אלעס ער האט אויף אים דיזעס באמערקט. —

גאר ניט האט סאלאמאן שטאמלענדיג גיענטפערט. איך חאב מיך אין עפעס...

עס איז גאר ניט. —

## 22

## דער אריסטאקראטישער צדיק

סאלאמאן איז גיבליבין ביי אבראשקען אין הויז. ער האט בעטרעטין דיא שטעלע אלעס בוכהאלטער אויף גלאנצמאנס ארט. אים איז ווייער גוט גיוועזן. ווייל אלע פון שטוב האבין אים שטארק גיליבט: אבראשקא האט אים גיליבט פאר דעם וואס ער קאן גוט תלמיד. ער פלעגט מיט אים שטענדיג ליב האבין מפלפל זיין אין תלמיד. אין ער האט פיל תענוג גיהאט צוא זעהן אזא מענטשין וויא סאלאמאן וועלכער גייט דווקא נאך דער היינטיגער מדע גיקליידעט — קאן רעכט לערנען. דער צוא איז ער נאך גיוועזן פרום. אבראשקע פלעגט אים יעדען טאג זעהן דאווענען ווי איין ערליכען יודין. ער האט אויך גיזעהן דאס ער האט אגיט הערץ מיט איין איידעלען תאראקטער. דען ער פלעגט ניט איין מאהל באהילפיג זיין ארעמע. —

מרים אבראשקעס ווייב האט אים אזוי ליב גיהאט וויא איר אייגין קינד. זיא האט אים גיגאסין גאלד אין האלדז. זיא האט אים אפ גיהיט וויא איר אויג אין קאפ. זיא פלעגט פיל פערגעניגען האבין צוא זעהן וויא איר בוכהאלטער לערינט מיט איר מאן גמרא. זיא האט גאר ניט גיקאנט פערשטיין וואס דאס באטייט. נאך אמאל. אזא מענטש ווי סאלאמאן וועלכער גייט מיט אקורצין סורדיט מיט לאנגע הויזין. אין גיפיצטע שטיוועליך אין פאות. זאל ער גאר חשק האבין אין אזעלכעס צייט זיך זעצין לערנען איידער גיין אין דיא טיאטערין אדער אויף דיא בעלער. זיא פלעגט אויך זעהן וויא ער דאוונט ווייער פרום. אין האט אים אלע יודישע מנהגים. זיא האט זיך אנדערש ניט איין גירעדט נאר אז סאלאמאן איז אלמדוניק. אין דער שטיל האט זיא זיך גיווינשין אז גאט זאל איר באשערין אזא — נ — איידים פאר איר לאה—

מיין

פון אלעמען האט אים גיליבט לאה. זיא האט אים ערינסט גיליבט מיט דעם גאנצין פייער פון איר הערצין. דאס זיא איז פערטיג גיוועזן איר האלדז צוא שטרעקען פאר אים.. סאלאמאן איז מיט גרויסע וואנצלען אריין צוא איר אין הארצין. זיא האט אמינית ניט גיקאנט לעבין אן אים. —

אויך סאלאמאן האט בעסער גיליבט לאהן וויא אלעמען. אבוואהל ער האט אבראשקען מיט מרים׳ען אויך גיליבט וויא אייגענע עלטערין. נאר פאר לאהן איז ער פערטיג גיוועזן קריכין אין פייער און אין וואסער. און איר האט ער אמינית ניט גיקאנט לעבין ער האט זיך איין גירעדט אז ער איז דא אין הויז נאר צוא ליב דער שיינער לאהן. און ווען. דיכט זיך מען זאל אים קיין געהאלט ניט צאלין. נאר מען זאהל נאך ביי אים גיוועזן פאדערין הונדערט רובל אמאנהייט (הונדערט רובל איז ביי אים גיוועזן אסך געלט) וואלט ער גיגעבין אבי און דער הויז פון אבראשקען צוא זיין און צוא האבין דעם פערגעניגען צוא קוקין אויף דער שיינער לאהן. —

ביידע האבין גיפיהלט דאס זיי קאנען ניט לעבין איינער אן דעם צווייטין האבין זיי זיך אין אקורצע צייט ווייערע הערצער גיעפינט. און האבין זיך עווינע ליבע גישוואורין. מרים האט אלעס גיזעהן און האט דערפין גרויס פערגעניגין גיהאט. —

מיר זעהן איין מאהל אוועגדם צייט אבראשקען מיט סאלאמאנען זיצין בא'ם טיש ביי איין אפענע גמרא און לערנען. זיי האבין. וויא עם ווייזט אוים. גילערינט מיט גרויס פלייס און זענען גיוועזן פערטיפט אין טיפע גידאנקען. ענדליך אלעם זיי האבין גיענדיגט זאגט אבראשקא: דיא ביזט אליב קינד. סאלאמאן. איך האב דיך ליב וויא דעם לעבין. —

איך דאנק אייך מיין הער פאר אייער גיטריישאפט — האט סאלאמאן גיענטפערט — זיך גייגענדיג און האט דערביי אגרויסין זיפץ גיטאן. —

וואס זיפצסטע סאלאמאן? האט אבראשקע גיפרעגט. וויא מיר דיכט ביזטע אנליקליכער. דוא בעזיצט אזוי פיל קענטעניסע מיט אזא גוטין כאראקטער דארפסטיא גאטט דאנקען דער פאר. —

יא. עס איז וואר דאס אמענטש דארף גאטט דאנקען פאר אלעם. אבער פאר וואס קאן איך האפין מיין גליק? ....

דאס זאלסטע גאר ניט פרעגין. האט אבראשקא גיענטפערט. דען איך וויל דיר דערציילין מיין באגראפיע וועסטע פערשטיין אז אמענטש דארף אזא פראגע ניט פרעגין. שטעל זיך פאר פיינגט אן אבראשקע צוא דער ציילין — אז איך בין גיבליבין אקינד פון פינף יאהר אן עלטערין. דאס הייסט מיינע עלטערין זענען ניט גישטארבין. נאר מיין פאטער וועלכען מען האט פאר איין גרויסין פערברעכער ערקלערט. האט מען אים אויף עוויגע קאטערגע פעראורטהיילט. מיין מוטער וועלכע איז גיבליבין איין אלמנה פון אלעבעדיגען מאן. אדער גאר א עגונה מיט צוויי קינדער חוץ מיר. דען פאר מיין פאטערס אפטראוועקע האט נאך מיין מוטער גיבוירין אצווילינג צוויי יונגעלאך. די מוטער האט דער זעהן דאס זיא קאן זיך אליין ניט פערהארע. האט זיא מיך פון שטוב ארוים גיטריבין. איין יונגעלע פון דעם צווילינג האט צוא גינומען איין רייכער מאן צו זיך פאר משה דען ער האט קיין זין ניט גיהאט נאר איין טאכטער. מיט דעם דריטין ווייס איך ניט וואס זיא האט גיטאן — נוא היינט בארעכין וואס קאן טאהן אקינד פון פינף יאהר? — אזוי וויא פון שלאף גידענק איך. אז איין מאל ווינטער אלעם איך בין און נאס גישטאנען אנאקעטער און האב גיוויינט ווייל מיר איז זייער קאלט גיוועזן. איז צו מיר צו גיגאנגען אמענטש. און האט מיך גיפרעגט וועמעס איך בין? און אלעס איך האב אים גיענטפערט

דם

דאס מיין פאטער ריפט מעך דוד סאקס ער זיצט אין טורמע און מיר איז קאלט. דיא מאמע האט מיך ארום גימאריבין. האט דער מענטש אויף מיר רחמנות גיהאט און האט מיך צוא זיך אין שטוב אריין גינומען. ער האט מיר גיגעבין עסין און טרינקען: און אכט טאג ארום האט מיך דער מענטש אפ גיפירט אין דער ישיבה. און איך בין דארט אפ גיוועזן ביז מיין אכטצענטין יאהר. לערנען האב איך גיקאנט זייער גוט שרייבין אויך אביסיל. ענדליך האב איך חתונה גיהאט פאר מיין פרוי וועלכע האט מיר גיגעבין דיא ברכה און אלע מיינע גישעפטין. ביז יעצט האט מיר גיהאלפין איך בין גיקומען צוא אזא שטופע וויא דיא זעהסט מיך היינט. נוא היינט זאג מיר מיין ליב קינד. קאן א מענטש פרעגין דיא פראגע וואס דיא האסט גיפרעגט?

יא דער מענטש קאן ערשט קליג ווערין ווען גאטט גיט אים זיין ווינטש. ער קאן ערשט דאנמאלס זעהן וואס נאט קאן מיט דעם מענשין מאכין. אבער אין דער צייט וואס דער מענטש איז אומגליקליך באקלערט ער גאר ניט נאטטס שטארקע און גוטע האנד. ער רעכינט דאס גאטט אליין איז שוין ניט אין שטאנד צוא העלפין אים אין זיין גרויסע נויט. —

גיין מיין קינד. גיט אזוי אורטהיילסטע — זאגט אבראשקא — דער מענטש דארף אין דער שלעכטער צייט אויך האפין צוא גאט. דאס ער וועט אים העלפין. —

יא. ענטפערט סאלאמאן. דער מענטש דארף גיוויס האפין צוא גאטט אין דער שלעכטער צייט אויך. נאר דער מענטש וואס קאן נאך האפין צוא גאטט איז אים ניט שלעכט. איך רייד אבער וועגין דעם דאזיגין וואס ער האט שוין גאר זיין האפענונג פערלארין. דעם איז ביטער. ביטער אלעס דער טויט. צום ביישפיל קאן איך האפין דאס מיין פאטער וועט לעבעדיג ווערין? קאן איך האפין דאס עס וועלין זיך היילין דיא וואונדען פון מיין מוטערס הערץ וועלכע זיא האט בעקומען דורך מיין פאטערס טויט? קאן איך האפין אויף גליק אז מיין אונגליק באשטייט אין מיין פאטערס טויט?...

אבראשקא האט אים דערויף נאר מיט א שטארקען זיפץ גיענטפערט. ביידע זיינען אזוי עפשע צייט גיזעסין שטיל פערטראכט. נאכהער זענען זיי ביידע גיגאנגען שלאפין.

27

# אהעליישער פייער

פון דעם טאג וואס סאלאמאן איז אוועק גיפארין האט שרה אן גיהויבן ווערין שוואכער און שוואכער. אין איר הערץ האט אן גיהויבין ברענען א העלישער פייער. אבוואהל זיא פלעגט אים גיין אין ריידין. עסין און טרינקען. נאר אויף איר גיזיכט האט מען גיזעהן דאס זיא גייט יעדין טאג איין. און דער קלייניגער שטיקיל צייט איז פון איר א האלבער מענטש גיווארין: דער דאקטער האט גיזאגט אז קאם וועט זיא ניט הייראטען מיט דעם דאזיגין וואס איר הארץ גליסט וועט זיא שטארבין. —

מעסט איז דיא נאגטע צייט גיזעסין און האט גיוויינט. זיא האט זלמן ניט גילאזט רוהען ער זאל נאר זעהן איין עצה דאס סאלאמאן זאל מוזין מיט איר חאבטער הייראטין. נאר זלמן האט דער צוא אויך ניט גיקאנט העלפין. ווייל ער האט ניט גיוויסט

וויא

וִויא סאלאמאָ, אִיז אָוֶועס גִיפָֿאהְרְן. פִֿיל מָאהְל אִיז שׂרה גִינַאנְגֶען אוֹיף דֶער פָּאסְט פְֿרֶעגִין צוּא עֶס אִיז דָא פֿוּן סאלאמאנען אַבְּרִיף. אִין בַּיי יֶעדֶענְס מָאהְל הָאט זִיא אַלְץ גִיהֶערְט דֶעם אַנְטְוָוארְט „נֵיין" עֶנְדְלִיךְ אִין דֶער לֶעצְטֶער צֵייט הָאט אִיר דֶער בְּרִיפִֿין טְרֶאגֶער גִיזָאגְט דָאס עֶס אִיז דָא אַבְּרִיף פֿוּן סאלאמאנען אָבֶּער נִיט צוּא אִיר נָאר צוּא מלכה׳ן פרישמאנען". שׂרה הָאט זִיךְ גִימַאכְט נִיט הֶערֶענְדִיג אִין הָאט דֶעם בְּרִיפִֿין טְרֶאגֶער פַֿאר בֶּעטִין צוּא זִיךְ. אִין אַלֶעם דֶער בְּרִיפִֿין טְרֶאגֶער הָאט בֶּעקוּמֶען פֿוּן זלמנען אַצֶעהְן רוּבִּילְדִיגֶע. הָאט עֶר גְלַייךְ דֶעם בְּרִיף אָוֶועק גִיגֶעבִּין. אִין מִיט צִיטֶערְנֶע הַאנְד הָאט אִים שׂרה אָן גִיפַֿאנְגֶען צוּא לֶעזִין:

---

# „לִיבְּסְטֶע אִין גִיטְרַייֶע מִיטֶער!

אִיךְ וַוייס גִיווִיס דָאס דִיא לַיידֶעסְט יֶעצְט פִֿיל שְׁמֶערְצִין דֶערְפִֿין וָואס אִיךְ בִּין פֿוּן דִיר אָוֶועק אִין דִיא וַוייסְט נִיט וְוִיא אִיךְ בִּין. דִיא קוּמֶערְסְט זִיךְ גִיווִיס וֶועגִין מִיר צוּא ווִיסִין פֿוּן מַיין גִיזִינְד אִין פֿוּן מַיין נַאנְצִין בֶּעשְׁטַאנְד; יָא. אִיךְ עֶרְקְלֶער מִיךְ אַלֵיין פַֿאר אַשׁוּלְדִיגִין. וֶוען אִיךְ הָאבּ דֶער מִיט גִיווִיס קֶענִין דִיר גִיזִינְדִיגְט. נָאר אִיךְ הָאבּ דֶער צוּא בִּיז יֶעצְט נִיט גִיקָאנְט הֶעלְפִֿין. אִיךְ זֶעה אַרוֹיס דָאס מַיין גְלִיק הָאט מִיר גִיצְווִיגִין פֿוּן נראדאוויל קֵיין רידאנאוו. אִין דָארְט הָאבּ אִיךְ זִיךְ מִיט דֶעם גְלִיק בֶּעגֶעגְנְט. מִיטֶער! אִיךְ מֶעג זָאגִין דָאס אִיךְ בִּין גְלִיקְלֶאךְ. אִיךְ זֶעה דָאס דֶער גְלִיק הָאט אָן גִיהוֹיבִּין פַֿאר מִיר צוּא שַׁיינֶען. אִין אִיךְ וֶועל דִיר פֿוּן מַיין יֶעצְטִיגִין בַּאשְׁטַאנְד דֶער צֵיילִין; וֶועסְטֶע מִיךְ אַלֵיין עֶרְקְלֶערִין פַֿאר אֵיין הֶעכְסְט גְלִיקְלִיכִין: אַלֶעס אִיךְ בִּין פֿוּן נראדאוויל אַרוֹיס בִּין אִיךְ גְלַייךְ גִיפָֿארִין קֵיין רידאנאוו. פַֿאר וָואס גְרַאדֶע קֵיין רידאנאוו קָאן אִיךְ דִיר נָאךְ דֶערְוַוייל נִיט שְׁרַייבִּין. נָאר דֶער וַוייל דַארְפְסְטֶע ווִיסִין דָאס אִיךְ בִּין אִין רידאנאוו בַּיי דֶעם רַייכִין מַאן אבראשקא סאקס. אִיךְ בַּאטְרֶעט דִיא שְׁטֶעלֶע אַלֶעס בוכהַאלְטֶער. אִין נֶעם חוּנְדֶערְט רוּבִּיל אַמָאנַהַייט. אבראשקא לִיבְּט מִיךְ ווִיא זַיין אֵיינִין קִינְד. עֶר הָאט שְׁטֶענְדִיג לִיבּ מִיט מִיר צוּא פֶֿערְבְּרֵיינְגֶען. זַיין פְֿרוֹי הָאט מִיךְ טַייעֶרֶער ווִיא אִיר אוֹיג אִין קָאפּ. נָאךְ מַיין לִיבְּט מִיךְ זֵייעֶר אֵיינְצִיגֶע טָאכְטֶער לאה. דָאס אִיז אַזָא לאה וָואס נִיט יֶעדֶער מֶענְטְשׁ הָאט דָאס גְלִיק זִיא אוֹיף זַייגֶע לִיפִּין צוּא דֶערמַאנֶען: אִין וֶוען אֵיינֶער הָאט אוֹיף אִיר אַבְּלִיק גִיגֶעבִּין מֶעג עֶר דָאס רֶעכֶענֶען פַֿאר דֶעם גְרֶעסְטִין גְלִיק. שְׁטֶעל זִיךְ פָֿאר מִיטֶער מַיין גְלִיק אַז דִיא שֵׁיינֶע גִיבִּילְדִיטֶע אִין גִיטְהֶערְצִיגֶע הִימִילְשֶׁע לאה לִיבְּט מִיךְ. אִיךְ קָאן דִיר גָאר נִיט בַּאשְׁרַייבִּין מַיין פְֿרֵייד אִין גְלִיק. אִיךְ הָאף צוּא דֶעם לִיבִּין גָאט דָאס אַזוֹי ווִיא עֶר הָאט אוּנְז אָן גִיהוֹיבִּין וַוייזִין זַיין גִיטֶע הַאנְד אַזוֹי וֶועט עֶר זִיא שׁוֹין נִיט אָוֶועק נֶעמֶען. — אִין דִיךְ לִיבֶּע מִיטֶער בֶּעט אִיךְ דִיא זָאהְלְסְט נִיט זָארְגִין. וַוייל פְֿרֵייאלִיךְ אִין הָאבּ פֶֿערְגֶענִיגֶען פֿוּן מַיין בְּרִיף: מִיט דֶער צֵייט וֶועל אִיךְ דִיר שִׁיקִין הוּנְדֶערְט רוּבִּיל אִין וֶועל דִיר אוֹיס שְׁרַייבִּין ווִיא אִיךְ הָאבּ עֶרְפַֿארֶען דָאס קִיט מַיין פָֿאטֶערְס טוֹידְט אִיז נָאר גִיוֶועזְן אֵיין פַֿאלְשֶׁע אִינְטְרִיגֶע. —

דַיין דִיךְ עֶווִיג לִיבֶּענְדֶער זָאהְן. סאלאמאן פרישמאן. —

אוֹי וֶוהי. אוֹי וֶוהי! הָאט שׂרה אַנִישְׁרַיי גִיגֶעבִּין אַלֶעס זִיא הָאט דֶעם בְּרִיף גִיעֶנְדִיגְט אִין אִיז צוּא דֶער עֶרְד גִיפַֿאלִין מִיר אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ שְׁלֶעכְט. מִיר אִיז נִיט גוּט. אִיךְ הַאלְט נִיט אוֹיס

מעכע מיט זלמנען האבין זיא גינומען ראטעווען אין מיט דער גרעססטער שוועריקייט האבין זיי זיא קאם ערמינטערט. ווי האבין איר צוא גיזאגט אז זיי וועלין זיך שטארקען מיט אלע מעגליכקייטין איז סאלאמאן ואהל מיט איר חתונה האבין. —

דא איז אשלעכטער גישעפט — האט זלמן גיזאגט צוא מעסען; אלעס ער איז מיט איר אין אבעזונדער צימער אריין — וויא איך פערשטיי איז דער סאלאמאן אביטערער יונג. דיא זעהסט ער האט זיך נאר גינומען צוא דיא אמאלידיגע גליקין. ער וויל וויסין דיא זיין פאטער איז גישטארבין. ער האט ערפארען אז מיט זיין פאטערס טוידט איז גיוועזן אפאלשע אינטעריגע איך פערשטיי שוין. אבראשקא אדער גלאנצמאן האבין דיזעס אים ערקלערט. שלעכט. דא איז ביטער. מען דארף זעהן דיא זאך פריער בעווארענען. מען מאר אין דעם ניט שווייגין. ווארום מיר וועגען אונגליקליך. —

יא. מיר וועגען אונגליקליך. אין אונזער טאכטער נאך מיין פון אונז. — האט מעסע גיענטפערט — דיא זעהסט אז זיא גייט אין יעדין טאג. —

דאס וועלין מיר שוין זעהן שפעטער. ווען ער וועט זיין ביי מיר אין קלייטקע וועל איך קאנען מיט אימו מאכין וואס איך וועל וועלין. היינט דארפין מיר שוואגין אין קלערין איין עצה וויא צוא רעטען זיך פון אונגליק. דען מיר וועגען אין געפאהר. אדאנק גאט וואס דער בריף איז אריין גיפאלין צוא מיר אין האנד. ווען ניט וואלטין מיר פון גאר ניט וויסין אין סאלאמאן וואלט אונז בעגראבין ארצה. אין היינט וועל איך אים שוין באשטאטין אז ער וועט אפילו צוא תחית המתים ניט אויף שטיין ! —

---

28

## דיא פערצווייפעלטע מיטער

די לעזער קאנען זיך פארשטעלין דיא פערצווייפלונג פון מלכה ; אז עס איז אוועק צייט פיהער מאנהיימין אין פון איר איינציגין סאלאמאנען האט זיא קיין בריף ניט גיהאט. דער גרעסטער פיינד וואלט דיזעס ניט גיוונטשין וואס זיא האט איבער גילעבט. איר איז ארויף שרעקליכע גידאנקען אויף איר קאפ. זיא האט זיך איין גירעדט אז ער איז גישטארבין. אדער אים האט אזוי איין אונגליק גיטראפין. גאנצע טעג מיט נאכט האט זיא גאר גיוויינט אין גיקלאגט. אירע אויגין וועגען ניט טריקין גיוועזן פון גיוויין. זעקס מאהל אין טאג פלעגט זיא גיין אויף דער פאסט פרעגין צוא עס איז דא צוא איר אבריף. אין דארט פלעגט מען איר אלץ ענטפערין. זייט רוהיג. ווען עס וועט זיין אבריף וועט מען אייך צוא הויזע ברענגען". —

[redacted] איין מאהל. דיזעס איז גיוועזן אין מיטין טאג. מלכה איז גיזעסין ביי דעם פענסטער מיט איין ארבעט. פון אירע אויגין האבין זיך גיגאסין טרערין. ווארשיינליך האט זיא גיקלערט וועגין איר זון: אין דעם איז צוא איר אריין איין אונבעקאנטער מענטש אין האט גיפרעגט. דא וואהנט מלכה פרישמאן?

יא. דאס בין איך. האט מלכה גיענטפערט. —

איך האב צוא אייך אבריף האט דער אונבעקאנטער גיזאגט אין האט מלכה אבריף דער לאנגט. —

מיט ציטערנע האנד האט מלכה דעם בריף אראפ גינומען. אין אלעס זיא האט

אים

אים געעפינט האט וויא ניט מיט איר שטומע אנישריי גיגעבין: אוי עס איז ניט מיין
זונס האנדשריפט אין האט אן גיפיינגען צוא לעזין;

„ליבע איינציגע טאכטער! „

אזוי ווי דיא ווייסט וויא ליב אין טייער דיא ביזט ביי מיר. מיין גאנצער לעבין איז אן גיהאנגען אין דיר; ערשטינס ביזטע ווערט מען זאהל דיך ליבין ווייל דיא ביזט אוואול אין כשר קינד; צווייטינס ביזטע ביי מיר איינע. דיין מאן שלמה ן. וועלכין איך האב גירעכינט פאר מיין זין. האט גאט ביי מיר צוא גינומען. ווארשיינליך וויל גאט ניט אז איך זאל האבין אזעלכען וואס זאל מיך נאך מיין טוידט דער מאנען. אלעס וואס גאט טוט דעם מענטשין מוז ער אן געמען פאר גוט. אין יעדער מענטש מוז האפין אויף גאטס גינאדע. רען גאטט איז אגיטער. זיין שטראפע איז ניט אויף עוויג. מיט איין האנד שטראפט ער אין מיט דער צווייטער ערבארעמט ער זיך; ער וועט זיך אויף דיר אויך גיוויס ערבארעמען אין וועט דיר צוא שיקין אטרייסט צוא דיין פערקומערט הערץ.— אבער ניט אזוי מיין טאכטער בין איך. איך האב שוין ניט אויף וואס צוא האפין. מיין איינציגע האפענינג איז שוין יעצט נאר דיא גראבע. וועלכע שטייט גענין מיר האפין מיך איין צוא שלינגען. איך זעה דעם מלאך–המות וויא ער טאנצט קעגין מיר אין וויל מיך פון דער וועלט צוא געמען: איך בין שלאף. איך ווייס דאס איך וועל שוין דיא שלאפקייט ניט איבער טראגין. דען איך בין שוין זייער אלט. אין וויא פיל דארף איין אלטער מאן ביז אין טוידט?... אלזא מיין ליב קינד! בימטע דיך דיין פאטער פאר זיין טוידט אז דיא זאהלסט קומען צוא זעהן זיך מיט אים. די דארפסט וויסין טאכטער אז דאס איז שוין דער לעצטער ווינטש וואס דיא קאנסט ערפילין צוא דיין פאטער נחמן. —

אלעס זיא האט דעם בריף גיענדיגט האבין זיך אקוואל טרערין אגאס גיגעבין פון אירע אויגין. זיא האט זיך אהארף גיגעבין אין בעט מיט דער גרעסטער פערצווייפלונג. זיא האט גיוויינט אין האט נאס גימאכט דיא קישענס מיט אירע טרערין. אך מיין גאט! האט מלכה אוים גישריען. פאר וואס שטראפסטע מיך אזוי? מיין איינציגין גיליבטין האסטע צוא גינומען. מיין זין ווייס איך אויך ניט וויא ער איז. אין יעצט ווילסטע נאך מיין פאטער פון דער וועלט צוא געמען. מיין לעצט טרייסט פערגינסטע מיר אויך ניט. גיין. ניט פראוועלנא וועסטע דארטין.... מלכה איז אנשווינין גיווארין זיא האט גינומען דיא צוויי קישינס וואס זענען אויפין בעט גילעגין אין איז מיט זיי אויפין מארק אוועק. דארט האט זיא זיי פארקויפט אין האט גידינגען אפיר אין איז גלייך צוא איר פאטער אוועק גיפארין. —

29

אשרעקליכער סוף

אין אקליין צומער פון אבראשקעס הויז אויף אבעטיל ליגט גראנצמאן שטארקן שלאף זיין גיזיכט איז בלאס אין שרעקליך. זיין גאנצער קערפער איז דאר. זיינע אויגין קיקין ביסטערע. עס איז אשרעק אויף אים צוא קיקין. דער דאקטער וועלכין אבראשקא האט באשטעלט

באשטעלט דאס ער זאל אים יעדין טאג בעזיכין. האט גיזאגט דאס ער וועט שוין קיין מאל ניט לעבין. אבראשקא האט אויף אים מיט לייד גיהאט און האט אים גיזעהן ראטעוועו מיט אלע מעגליכקייטין, נור אליין פלעגט יעדין טאג קומען גיוואר ווערין צוא אים. און האט אויך גיבעטין סאלאמאנען דאס ער זאהל צו אים אפט אריין זיצין מיט אים אביסיל פערברייניגען די צייט מיט אים. פילייכט וועט אים עטוואס גרינגער ווערין. סאלאמאן האט אבראשקען פערשפראכין און היינט ועהן מיר אים דעם ערשטין מאהל ביא דעם שלאפין גלאנצמאנען און צוזאמען. ער זיצט אויף אשטיל לעבין גלאנצמאנס בעטיל. —

פיהלט איר זיך שוין אביסיל בעסער נאך דעם רעצעפט וואס איר האט ערשט איין גינומען? האט סאלאמאן גיפרעגט. —

יין. איך פיהל שוין קיין שום פערבעסערונג ניט האט גלאנצמאן מיט אשוואכע שטימע גיענטפערט. איך זעה שוין דעם טויט פאר מיינע אויגין. נאר איך וואלט וועלין וויסין מיט וועמען איך האב די עהרע צוא ריידין. דען איך זעה אייך דעם ערשטין מאהל ביי זיך אין צימער.

איך בין דער בוכהאלטער וועלכער האט באקומען אייער שטעלע; מיין נאמען איז סאלאמאן פרושמאן. —

דער שלאפער האט זיך אוועק גיגעבין פון בעט אלעס ער האט דיזין נאמען דער הערט, און ווי האט מען אייער פאטער גירופין? האט ער מיט אציטערנע געפרעגט. —

אויך דיזעם זעלבינין נאמען — האט סאלאמאן גיענטפערט — דען איך נאך אנדער אנאמען. נאר וואס זענט איר אזוי בלאס און ערשראקין גיווארין? האט ער גיפרעגט אלס ער האט דיזעס אויפין שלאפין באמערקט. —

גייט — אוועק פון מיינע אויגין נאט שטראפט מיך ער האט גיוויזין מיין זינד פאר מיין טויט רופט מיר אריין אייער הער איך וויל פאר אים דער צוילין מיין סעקרעט וועלכין איך וויל מיט זיך אין גראבע ניט טראגין. —

סאלאמאן איז גילאפין און האט גיבראכט אבראשקען. —

זייט מיין הער האט דער שלאפער גיזאגט צוא אבראשקען אלעס ער איז אריין איך וויל פאר אייך דער צוילין מיין גרויסע זינד וועלכע איך האב אין מיין לעבין ניטין איר זאהלט וויסין אז איך בין גיוועזען אמט העלפער אין סאלאמאנס זייער פאטערס טוידט. איך האב אים נישיקט אפאלשע בריף פון אייער האנד דאס איר רופט אים אויף איין רעבענונג און פארענדיג האבין אים זיינע מערדער צוא גינומען אוו איך האב שוין קיין כח ניט מיין צוא ריידין שלמה לעבט נאך ער איז פאר שפארט מיט נאך אייניגע וועלכע רופט זיך משה בראש נאר זיין אמת'ר נאמען איז דוד סאקס. —

דוד סאקס!! נאט וואס הער איך?! האט אבראשקע ניט מיט זיין שטימע גישריען דוד! מיין פאטער לעבט? און איז פארשפארט! פאר וואס? —

איך קאן ניט מיין ריידין ווי זענען אין דער שטאט ראוואלאו פארשפארט אין אירענהויז עליושקע וועט אייך אלעס דערצוילין...

נאט ביין נאט! וואס הער איך! לעבט נאך מיין פאטער! האט סאלאמאן גיזאגט פערצווייפעלט. אך ווי גרויס זענען דיינע וואונדער —

זייט גיזונד און פארצייעט מיר האט דער שלאפער גלאנצמאן גיזאגט דעם לעצטין מאל. — און ווער זענען די מערדער? האט סאלאמאן גיפרעגט. —

נאר דער שלאפער האט שוין ניט מיין גיקאנט ענטפערין. באלד האט זיך זיין לעבין ניענדיגט

גִיקֶענְדִיגְט. אִין מֶען הָאט אִים אִין זַיין אֵייבֶּענֶע גְרָאבֶּע אַוֶועק גִיטְרָאגִין.

יֶעצְט דַארְפִין מִיר זֶעהְן בַּאקוּמֶען דֶעם עליושקען וָואס גלאנצמאן הָאט, דֶען בַּיי אִים וָועלִין מִיר וִויסִין פוּן אַלֶעס. ד. ה. וֶוער זֶענֶען דִיא מָארְדֶער פוּן דֵיין פָאטֶער אִין פוּן מַיין פָאטֶער. זָאגְט אבראשקא. —

נַיין, עֶנְטְפֶערְט סאלאמאן פְרִיעֶר דַארְפִין מִיר זֵיי בֶּעפְרַייעֶן וֶועלִין מִיר שׁוֹין פוּן זֵיי וִויסֶען וֶוער דִיא מֶערְדֶער זֶענֶען. —

אֶפְשֶׁר בִּיזְטֶע גִירֶעכְט הָאט אבראשקא גִיעֶנְטְפֶערְט. נָאר מִיר דַארְפִין אָבֶּער דֶער פוּן פְרִיעֶר מֶעלְדֶען דִיא פָּאלִיצְיֶע. דֶען אָן פַּאלִיצְיֶע וֶועלִין מִיר זֵיי נִיט קָאנֶען בַּעפְרַייעֶן.

גִיוֶויינְלִיךְ אַז אַזוֹי דַארְף מֶען זִיךְ בַּאגֵיין. זָאגְט סאלאמאן. נָאר אִיךְ פִירְכְטֶע אַז נָאךְ זֵייעֶר בֶּעפְרֵייאוּנְג וֶועט שׁוֹין פוּן דִיא מֶערְדֶער אֵיינֶער נִיט בְּלַייבִּין. מִיר וֶועלִין זֵיי שׁוֹין נִיט גִיפִינֶען אִין מִיר וֶועלִין נִיט קָאנֶען רַאכֶע נֶעמֶען אִין אַזֶעלְכֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע מֶערְדֶער. —

יָא. דִיא בִּיזְט גִירֶעכְט זָאגְט אבראשקא. אָבֶּער דִיא זֶעהְסְט שׁוֹין. אַז עֶס קוּמְט וִוידֶער אַרוֹיף אוֹיף מַיינֶע רֵייד. אַז מִיר דַארְפִין טַאקֶע פָארְט פְרִיעֶר בֶּעקוּמֶען דֶעם עליושקען אִין עֶרפארין וֶוער זֶענֶען דִיא מָארְדֶער. —

יָא. אַזוֹי בְּלַייבְּט דָאס. עֶנְטְפֶערְט סאלאמאן. אִיךְ וֶועל דֶער וַוייל שְׁרַייבִּין אַבְּרִיף צוּא מַיין מִיטֶער. פוּן אַלֶעס וָואס דָאס הָאט גִיפַּאסִירְט אִיךְ וֶועל זִיא דֶער מִיט נִיט בַּאלֶעבִּין. זִיא וֶועט מִיר שׁוֹין פערצֵייעֶן אוֹיף דֶעם וָואס אִיךְ בִּין אַוֶועק גִיפָארִין וֶוערֶענְדִ זִיא הָאט גִיוָואלְט אִיךְ זָאל בְּלייבִּין מִיט אִיר אִין נראדאוויל. בִּיז אִיךְ וֶועל בֶּעקוּמֶען פוּן אִיר אֵיין אַנְטְוָואָרְט וֶועלִין מִיר שׁוֹין בֶּאקְלֶערִין וָואס צוּא טָאן. —

סאלאמאן הָאט אָן גִישְׁרִיבִּין אַבְּרִיף צוּא זַיין מִיטֶער אִין הָאט זִיא בַּאלְד מִיט זַיין דִינֶער אוֹיף דֶער פָּאכְט אָפּ גִישִׁיקְט. —

---

## 30

## אַנַייעֶר שְׁרֶעק אִין וִוידֶער גִי

אִין אֵיינֶע פוּן דִיא שֶׁענְסְטֶע הָאטֶעלִין פוּן דֶער שְׁטָאדְט רודאנאוו אִין אֵיינִים צוּמֶער אַווֶענְדְס צַייט זֶעהְן מִיר אוּנְזֶער בֶּעקַאנְטִין זלמנען מִיט זַיין פְרוֹיא מעסע. זֵיי זִיצִין בַּאם טִישׁ אוֹיף וֶועלְכִין עֶס שְׁטֵייט אַזִידִיגֶער סַאמָאוַואר אִין טְרִינְקֶען טֵהֵיי. אִין דֶעם צִימֶער אִיז אוּמֶער זֵיי קֵיינֶער נִיט גִיוֶועזֶן. אִין אָהנֶע צוּא שְׁרֶעקִין זִיךְ דָאס יֶעמַאנְד זָאל הֶערִין פֶערְבְּרֶענְגֶען זֵיי צְווִישִׁין זִיךְ דִיזִין גִישְׁפְּרֶעךְ. —

נוּא וָואס זָאגְסְטֶע זלמן. וֶוען רֶעכֶענְסְטֶע מִיט סאלאמאנען מַאכִין אַקָאנְיֶעץ? שׁוֹין הַייט טָאג אַז מִיר זִיצִין דָא אִין דִיא הָאסְט נָאךְ נָאר נִיט אָן גִיהוֹיבִּין צוּא טָאן דִי אַרְבֶּעט. וָוארְג זִיךְ נִיט. הָאט זלמן גִיעֶנְטְפֶערְט. אִיךְ וַוייס וָואס אִיךְ הָאב צוּא טָאן אִיךְ וֶועל אִים שׁוֹין הָאבִּין אִין כֵּיין קַל עֶסֶקֶע עֶר וֶועט שׁוֹין מִיט גִיוַואלְד מִיזִין הֵיירַייטִין מִיט אוּנְזֶער טָאכְטֶער. דֶען אִיךְ הָאב אָפּ גִירֶעדְט מִיט יאסלען סאלאמאנס דִינֶער עֶר זָאהְל מִיר אִים בְּרֶענְגֶען אוֹיסִין שְׁטָאדְט וֶוען עֶר וֶועט מִיט אִים פָארִין סְפַּאצִירִין. אִין דַאנְמָאלְס אַז אִיךְ וֶועל אִים אַרַיין נֶעמֶען אִין מַיינֶע קָאנְטִיעֶס וֶועט עֶר שׁוֹין מִיזִין מִיט שׂרה׳ן הֵייראַטִין. אִיר מָאמֶער וֶועט עֶר נִיט וֶועלִין. אַזוֹי בֶּעקוּמְט עֶר אַפּוּלֶע אִין הַארְצִין. יָא. אִיךְ הָאב דִיר

פאר

פאר נעסין דער ציילין איך האב היינט בעקומען אבריף פון סאלאמאנען וועלכע ער האט געשיקט זיין מוטער! יאסעלע סאלאמאנס דינער וועלכין איך האב באשטעלט צוא דער ארבעט האט מיר אים גיבראכט. איך זעה שוין וואס פאר אניטרייער מענטש דער יאסיל איז; בארעכין. איך האב אים נאר צוא גיזאגט צוויי הונדערט רוביל דער פאר וואס ער וועט מיר ברענגען סאלאמאנען אויפין שטארט. אין היינט אלעס כאלאמאן האט מיט אים גישיקט דעם בריף אויף דער פאסט האט ער מיר אים גיבראכט. אין איך בין דווקא ניט פויל גיוועזין אים צוא געבין פאר דעם בריף צעהן רוביל. לאהז ער וויסין אז איך האב פיינט אטובה אומזאנסט. —

יא. זייער רעכט האסטע גיטאן זאגט מעסע נאר זאג מיר שוין וואס שרייבט ער דארטין אין בריף? —

איך האב אים נאך אליין אויך ניט גילייענט. אט וועל איך אים לייענען וועסטע אויך הערין האט זלמן גיענטפערט אין האט אן גיפאנגען צוא לעזין. —

איך קום דיר היינט אן זאגין אגרויסע פרייד פון וועלכע איך ווייס דאס דיא וועסט גיט באלעבט ווערין. איך ווייס גאר ניט צוא דיא וועסט קאנען איבער טראגין אזא גרויסע פרייד אלוא ליבע מוטער ביטע איך פון דיר דיא זאהלסט האבין מיטה אויס צו הערין וואס איך שרייב דיר; דאס מיין פאטער . . . ערלעבט. מוטער. זיי ניט פערצווייפילט פון פרייד. איך זעה אז גאט האט מיך גישיקט קיין רידאגאוו. מיין פאטער איז נאך דער וויל פארשפירט מיט אונזער גביר פון שטארט משה בראש. נאר זיין וואהרער נאמען איז נאר דוד סאקס. ער איז מיין פרינציפאלס פאטער. אין גיכין וועלין מיר זיי בעפרייען; דיזעס אלעס האב איך דער וויסט פון איינים מיט דעם נאמען גלאנצמאן; באלד וועל איך אויך וויסין ווער דיא מערדער זענען אין וויא זיי גיפינען זיך. דיזעס דארף איך פרעגין ביי איינעם מיט דעם נאמען עליושקע. ליידער אבער ווייס איך ניט צוא איך וועל אים גיפינען. נאר איך האף צוא גאט דאס דיא מארדער וועלין אזוי אויך ארייין פאלין אין דיא האנד פון דיין ליבין זאן סאלאמאן פרישמאן... איבער זלמנ׳ען אין מעסען איז איבער גינאנגען אגרויל איבער דעם לייב אלעם זיי האבין דעם בריף ניענדיגט.

מיר זענען פערלארין! האט מעסע ציטערינד גישריען. —

ניין. מיר זענען נאך ניט פערלוירין האט זלמן מיט כעס גיענטפערט. גיכער וועט ער זיין אין מיינע האנד וויא איך אין זיינע. א! וויא גערן איך יאסלען. איך וואלט אים יעצט גיגעבין פינף הונדערט רוביל אונג ער זאל מיר אים באלד גיבין אין דיא האנד. דא איז שרעכט מען מוז זיך ראטעוען באצייטינס. סאלאמאן איז אביטערער יונג. ער איז אן גישטאנען אויף אונזערע יאהרין. איך פורכטע שטארק פאר אים. ער איז אגוטער פויגיל. גאר ניין. איך וועל פון אים מאכין אתל. מען דארף זעהן וויא אין גיכסטין אים בעקומען. אין וויא באלד ער וועט זיין אין מיינע האנד אזוי האבין מיר זיך ניט וואס צוא שרעקין פאר אים. קום. מיר מאגין גיין עסין פריליך. איך האב גימיינט אז מיר האבין אנייע שרעק. גאר עס איז שוין ווידער גיט. —

31

## אשרעקליכען גידאנק!

איך מארגן פריה איז זלמן אויף גישטאנען. ער האט זיך אן גיקליידעט אין זיין

מארגין ראק אין האט זיך געזעצט טרינקען טהיי — איך דעם האט זיך דיא מיר געעפינט אין עס איז אריין איינגער מענטש אונגעפער צוואנציג יאהר. ניט הייך געקליידעט אבער זויבער ריין. מיט לאנגע געפיצטע שטיוויל. דיא האר ראנד געשארין. אקיילי־בינג היטעלע אויפין קאפ. מיט אקורצין פידזשאקיל. —

גוט מארגין. האט דער מענטש געזאגט אריין קומענדיג. —

געטער יאהר דיר מיין טייערער יאסעלע ; האט זלמן פריינדליך געענטפערט. זיץ יאסיל. דיא ביזט מיר היינט זייער געצונג. איך האב דיך שוין געוואלט שיקן ריפין. וואס הערט זיך ביי דיר? סאלאמאן וועט אריין פאלין אין אונזער קלעטקע?

ווי מיר דיכט זיך וועט עס צוא קומען אביסול שווערליך. וויל סאלאמאן פארט היינט מיט מיין בעל הבית ערגעץ אין אשטאדט ראיאליו שיידים ווייסין ווייא וויא זייא ריפין אן דיא שטאט ... וועט עס נאך איבער דעם מיזין אביסיל דויערין. —

יאסיל האט ניט באמערקט וויא ביי זלמען איז געוואורין דער געזיכט בלאס ווי דער טוירט. —

ווען פארט ער ? האט זלמן מיט אציטערדיגע שטומע געפרעגט. —

היינטיגע וואך. האט יאסיל קאלט געענטפערט. מיין בעל הבית וויל פארין היינט אבער מארגין. עפעס זאגט ער אז ער דארף דארטין אגייטיגין געשעפט. נאר סאלמאן וואורט אויף אבריף. ריכטיג ווייס איך ניט וויא באלד זיי וועט פאר קומען. —

נוא וועלין מיר אים ניט קאנען פטרין פריער איידער ער וועט פארין ? הא ? דיא ביזט גאר קיין מענטש ניט יאסעלע עפעס. צוויי הונדערט ריביל איז ביי דיר גאר ניט. אין מאמער ווילסטע גיב איך דיר דרייא הונדערט ריביל. אבי מיר זאלין די טעג מאכין איין ענדע. —

נוא ווען איר גוט מיר שוין דרייא הונדערט רוביל. מאך איך מארגעדיגין טאג איין ענדע. נאר איר זאהלט מיר זיי לייגין אויפין טיש. —

ניין. אין גאנצין דאס געלט דיר לייגין אויפין טיש קאן איך ניט. נא דיר דערוייל הונדערט רוביל. אין אז די וועסט קאנטשען וועל איך דיר גיבין דאס איבעריגע

נוא רעכט האט יאסיל געענטפערט אין האט דיא הונדערט רוביל אין טאשע אריין געלייגט. איר וועט שוין מארגין האבין אנאסט ביי זיך.

זלמן האט אים דערויף גאר ניט געענטפערט. ער איז געבליבין שטארק פער טראכט. דען אים איז ארויף אשרעקליכער געדאנק : — וואס וועט זיין דערפון וואס איך וועל סאלאמאנען פטרין ? האט ער ביי זיך געטראכט. ווי עס וויזט אויס ווייס דאך אבראשקע אויך פון אלעם. דען סאלאמאן שרייבט דאך אז משה איז אבראשקעס פאטער. יא. עס קאן זיין. דיא פאמיליעס איז איינע. יא גלאנצמאן האט זיי אלעם דערציילט פון וואגען גלאנצמאן ווייסט קאן איך ניט פערשטיין. פאר געוויס האט ער זיך ערגעץ געזעהן מיט עליושקען. נאר וויא עס איז געוועזען דער וויל איז שלעכט. וואס וועט מיר ארויס קומען אז סאלאמאן וועט זיין ביי מיר אין דיא האנט אז אבראשקא שטייט מיר וויא אביין אין האלדז. שלעפט. מען מוז זעהן אבראשקען אויך באקומען אין מיינע לאפקעס. ווען ניט וועט גאר ניט זיין דער פון. איך בין פערלוירין אן דעם...

נוא טויזענד רוביל זאל מיך קאסטין. האט ער געזאגט צוא יאסעלען. אין דיא זאהלסט מיר אויס פירין נאך אגישעפט : דיא זאהלסט וויסין אז איך וויל מען זאל דיין בעל הבית אין אסטראג פאר זעצין. אין מיט דיר קאן איך דאס אויס פירין. דיא באקומסט טויזענד רוביל פאר דעם. נוא ביזטע סאגלאסנא ? —

פאר

פאר אזוי פיל געלט בין איך סאנלאמנא גיין אין פייער און וואסער. האט יאסיל געענטפערט. נוא דער צײלט וויא די זאך זאל פארקומען. איך וועל אלעס טאן. —

דיא זאך וועט פארקומען נאר פשוט. האט זלמן געענטפערט. לעבן דיין בעל-הבית וואוינט א קריסט מיט דעם נאמען אנדריי זאבארטשוק. זאהלסטע זיין הויז ביי נאכט אונטער צינדן. איז דיא זאהלסט ניט אנטלויפן. נאר — וועהן מען זאל דיך חאפן. אז מען וועט דיך חאפן זאלסטע זאגן, אז דיין בעל הבית איז אין כעס אויף דעם קריסט. האט ער דיר גישיקט דיא זאלסט אים אונטער צינדן. — און ביי דיין בעל - הבית. און זאל אין אין ספאלנע וועט שוין ליגן אונטער געווארפענע שוועבעלאך. פעך און סירקע. און אז מען וועט ביי אים דיזעס אלעס געפינען פערשטייסטע דאך אז דיא גאנצע שולד וועט פאלן אויף אים. דיא קאנסט פאר דעם ניט קיין גאנץ גרויסען פסק ניט האבן. דוא וועסט נאר אגעוויסע צייט אפ זיצן אין טורמע. נוא איז דאס ביי דיר גיט ווערט כווינגר רובל איז אסך געלט. דיא ווערסט באלד אגביר. —

איך האב דאך אײן מאהל געזאגט אז איך בעשטיי דערויף. האט יאסיל געזאגט איר גיט מיר נאר דיא פעך מיט דער סירקע וואס איר זאגט. וועל איך אביסיל בא האלטין ביי מיין בעל הבית. און אביסיל וועל איך זיך לאהזין צוא דער שפיל...

גירעכט, סאלאמשינא יאסיל. האט זלמן צוא אים געזאגט אקלאפ געבענדיג אים אין פלייצע. נא דיר אלע מאטריאלין און לאז גיין מיט הצלחה.

---

32

## אפאשזאר

אויף מארגין זעהן מיר סאלאמאנען מיט זיין גיליבטער לאה: שטיין אויפין באלקאן. עס איז געוועזן אין מאנטיים מאיי אוועגרס צייט. דער מאנד האט ליכטיג גישיינט אויף דער גאס וואר אפגעגעגנען. דער הימיל האט זיך בארעקט מיט אליכטיגע בלאה הוילע. —

וואס זאגסטע לאה אויף דער היינטיגער צייט? האט סאלאמאן צוא איר געזאגט. חיא דער מאנד שייאצירט צווישען דיא אונג צענדליגער מיליאנען שטערין: אין דיא בוימער אונד ביזמע גיבין ארוים אטייערין גישמאקין גערויך אויף גאר דאס לאנד. זעה חיא דיא פייגעליך זיצין בערוהט פון דעם טאג אויף דיא בוימער לעבין זייערע נעסט אויף וועלכע זיי בעקומען דארט אויך זייער שפייז. אויף גאר דאס לאנד איז שטיל. נאר צייטענווייז הערט מען דאס גזאנג פון דעם סאלאוויי וועלכער צוא לאהזט זײנע טרעלין איבער דעם וואלד. מיט זיין שיינער שטימע ענטפערט אים אויך דער קאנאריק ווי לבער קאן זיך ניט איין האלטין פון פרייד דאס ער זאל ניט זינגען. אך וויא שיין אין פרייער וועגען דיא האזיגע טאג! און דער איז נא גיפארין יאסיל אקארעט גישפאנט אין צוויי פערד אין האט גיזאגט. זעצט זיך מיין חבר. דען עס איז שוין שפעט. דיא נאכט נייט אוועק עס איז שוין באלד צוועלף דעם זייגער. —

וואס זאגסטע לאה? — זאגט סאלאמאן — זאהל איך פארין אביסיל שפאצירין? היינט איז זייער אגוטע צייט אויף פארין. אויב דיא ווילסט פאר אויך. —

נייז

גיין. עס איז שוין צוא שפעט. איך וויל שוין שלאפין. האט לאה גיענטפערט. איך וואלט דיר אויך ראהטען בעסער גיין שלאפין. גאר אויב דיר ווילט זיך שטארק אביסיל פארין. פאר אויף אהלבע שטונדע. אין איך גיי שלאפין. —

האב ועשע מיר אריהיגין שלאף מיין טייערע לאה. האט סאלאמאן גיזאגט אין האט זיא אהייסין קיש גיטאן. —

האב מיר אויך אגוטע נאכט האט לאה גיענטפערט אין האט אים אויך אקיש גיטאן. לאה איז אוועק שלאפין אין סאלאמאן איז אוועק גיפארין. —

וויא וועלין מיר היינט פארין? האט סאלאמאן גיפרעגט זיין קוטשער. — היינט וועל איך אייך פירין אין איין נייעם וואלדריל אין וועלכין איהר ווענט נאך קיין מאהל ניט גיוועזן. דארט איז דיא לופט זייער גוט. —

עס האט גיווארט אפערטיל שטונדע איז שוין יאסיל גיוועזן מיט סאלאמאנען אין וועלדריל. וויא באלד זיי זענען נאר אריין, טיף אין וועלדריל האט יאסיל אפייף גיגעבין. אין פון וואלד האט מען אים גיענטפערט אהא! אהא! א! א! א! גיפאקט דעם העכט! אין דעם איז צוא גילאפין נאך איינער וועלכין דיא לעזער פערשטייען גיוויס דאס ער איז ניט קיין אנדערער וויא זלמן. —

נוא ברידער דיא ביזט שוין ביי מיר אין דער האנד האט זלמן גיזאגט צוא סאלאמאנען וועלכין עס האט גיציטערט יעדער גליד. איך האב זיך טאקע גיפורכטעט דאס איך זאהל ניט אריין פאלין אין דיינע האנד. איך שטעל מיך פאר וויא דיא וואלסט גיוועזן אין מיר ראכע גענומען ווען דיא זאלסט מיך גיוועזן האבין אין דיינע האנד. נאר היינט א! א! איך וועל שוין דיך באשטאטין. דיא זאהלסט וויסין אז איך בין דער מערדער פון דיין פאטער. אין יעצט וועל איך זיין דיין מערדער אויך. —

סאלאמאן איז דיא גאנצע צייט גיזעסין אין האט ניט גיוויסט וואס צוא ענטפערין. דאס הארץ האט אין אים מעכטיג גיקלאפט. אין פון זיינע אויגין האבין זיך גיגאסין טרערין וויא וואסער. — וואס זיצטע אין קארעט? האט זלמן אביטערין גישריי גיגעבין. ארויס גיכער אין קום מיט מיר. — וואס איהר קלערט אים גאר ניט בינדין? האט יאסיל גיפרעגט. —

וואס פרעגסטע אזא נארעשקייט? — האט זלמן גיענטפערט — איך וועל אום נאך געבין אקלאפע אין מויל אויך. וויא דען איך וועל אים לאזין אזוי גיין ער זאהל נאך אנטלויפין? אין דעם האט זלמן ארויס גינומען אלאנגע שטריק אין האט גיזאגט צוא יאסלען: דערווייל וועלין מיר אים בינדין אין אוועק פירין צוא מיר אויף דער קווארטירע. איך האב שוין פון זיינעט וועגין באשטעלט אציממער ביז איך וועל גיפונען אשטענדיגע דירה פאר אים. ביידע האבין גינומען סאלאמאנען אין האבין אים גיוואלט בינדין. — דא האט סאלאמאן אן גיהויבין ביטער צוא וויינען אין איז גיפאלין פאר זייערע פיס; ליבר זלמן! (ער האט אים באלד דערקאנט) האט ער גיזאגט מיט אוויינענדע שטימע. איך ווייס דאך אז איך בין שוין אין אייערע האנד. אבוואהל איך פיהל מיך ניט אין קיין שום זינד קעגין אייך דאך פערשטיי איך דאך שוין דאס מיר וועט שוין גאר ניט העלפין איך וועל מוזין גיין וויא איהר וועט מיר הייסין. אלזא צוא וואס דארפט איהר מיך בינדין אין נאכהער מיך טראגין. איך וועל בעסער אליין גיין וויא אייער פערלאנג איז. אין איך זאג אייך צוא דאס איך וועל ניט אנטלויפין אין ווען איהר וועט נאר באמערקין אויף מיר דאס קענסטע דאס איך וועל אייך ניט געהארזאם זיין. אזוי קענט איהר מיט מיר טיהן וואס איהר וועט וועלין. —

יא. ער איז גירעכט. ער מעג גיין מיט אונז גלייך דער פאר איז ער אמאלדיעץ.

האט זלמן געזאגט אין זעגען אוועק גיגאנגען. —

סאלאמאן האט ניט באמערקט דיא נאס אין דעם האמעל אין דעם נימער אין וועלכין זיי האבין איהם אריין גיפירט. ער האט גיהאפט פיליכט וועט איהם גאט צו שיקען אזא גילעגענהייט דורך וועלכער ער וועט קאנען מעלדען וויא ער איז. —

זייט שוין דא. האט זלמן געזאגט צוא סאלאמאנען אלעס ער האט איהם פארשלאסען אין צימער. דיא זאהלסט ניט מאכין קיין שום משוגענע געשעפטין ווייל דיר וועט גאר ניט העלפין. דיא מוזט דא אפ זיצין אקליינע שטיקיל צייט אין נאכהער וועל איך דיך פריי לאזין. אין טאמער וועסטע ניט פאלגין. אזוי וועסטע נאך גישלאגין ווערין מיט [illegible] שלעג. —

סאלאמאן האט צוא געזאגט דאס ער וועט זיצין שטיל. —

נוא יעצט סאלאמאן. — האט ווידער זלמן געזאגט — טאמער נאך דיא איין זאך טיען. דיא מוזט מיר איבער שרייבין דיא בריף מיט דיין האנד. נא דיר דיא בריף אין שרייב שוין איבער. —

סאלאמאן האט איבער געלעזין דיא בריף וועלכע זלמן האט איהם געגעבין. איהם איז אפילו ניט גיוועזן צוא הארצין איבער שרייבין זיא. נאר ער האט גאר ניט געקאנט העלפין. אין האט ניט ווילענדיג גימוזט שרייבין. —

יעצט יאסיל נא דיר דיא בריף וואס סאלאמאן האט אן געשריבין. אין לאז זיא ביי סאלאמאנען אין צימער. אויפין טיש. אין גיי באלד ענדיג. דעם צווייטין געשעפט דען עס ווערט באלד טאג. —

יאסיל איז אוועק מיט דעם בריף. ער האט דורך אויס געטאן וויא זלמן האט איהם געהייסין. —

באלד נאך דעם האט מען געהערט אגעשריי פאושאר! פאושאר! עס ברענט! ראטעוועט! עס זעגען אן גילאפין פיל יודין אין קריסטין צוא ראטעוועון מען האט אן געהויבין טראגין וואסער פון אלע זייטין. אין דעם האט מען דער זעהן וויא איינער איז ארויס גילאפין פון הויז אין וועלכין עס האט געברענט. —

חאפט איהם! חאפט איהם! דאס איז ער! דער האט אינטער גיצינדין! אלע האבין זיך איאנ געגעבין נאך דעם דאזיגין אין מען האט גיחאפט יאסלען אבראשקעס משרת. מען האט נאך ביי איהם אין האנד גיטראפין שוועבעלאך אין סירקע מיט עטליכע שפענדליך. אין אלס מען האט איהם גיפרעגט פאר וואס ער האט דאס גיטאן. האט ער אן גיהויבין צוא וויינען אין האט געזאגט: מיין בעל הבית אבראשקא איז מיר שולדיג פאר צוויי יאהר געהאלט. האט ער מיר אגערעדט ניט גיוואלט אפ געבין ביז איך זאל אינטער צינדין אגרדיים שטיב דער פאר וואס ער איז אויף איהם אין כעס. אונ איך האב איהם גימוזט פאלגין ווען נים האט ער מיר ניט גילאזט אפ געבין מיינע אכטציג רוביל. באלד האט מען דער פון גימעלדעט פאליציע אונ מען האט גימאכט ביי אבראשקען איין אביסק. אין אלס מען האט ביי איהם גיפינען דיא אלע זאכין וואס יאסעלע האט אונטער גיווארפין האט מען יאסעלען מיט אבראשקען צוא זאמען אוועק גיפירט אין אסטראג — די לעזער קאנען זיך פאר שטעלין דעם גיוויין אין קלאג וואס איז גיווארין אלס מרים מיט לאהן האבין דער זעהן אז מען האט אבראשקען אין אסטראג אוועק געפירט זיי האבין זיך גישלאגין מיט דיא פויסטען אין קאפ. עס איז ניוועזן אשרעק צוא הערין זייערע קללות. אשטיינערנע הארץ האט געקאנט גירירט ווערין פון זייער גיוויין: —

וויא איז דאס סאלאמאן? האט לאה גיפרעגט אלעס זיא איז אביסיל צוא זיך גיקומען וויא קאן ער האבין אזא הארט הארץ ניט צאריק צוא אונז ווען מיר שטייען אין

אזא

אזא צרה. נאר ער שלאפט נאך מחוים. דען ער האט זיך געטמעריין נילוינט שפעט שלאפין. ער וויס נאך נאר ניט פון אונזער אונגליק – זיא איז צו גיגאנגען צו סאלאמאנס צימער אין האט אן גיהויבין קלאפין אבער קיינער האט איר ניט געענטפערט, זיא האט נאך אמאל אן גיקלאפט. אין עס וואהר קין אנטווארט ניט. דא איז זיא מיט אגיוויין אוועק צוא דער מיטער; אוי מיטער! האט זיא אוים גישריען. דער אונגליק האט אונז היינט ארום גירונגילט פון אלע זייטין. דעם פאטער הא- מען צוא גינומען אין סאלאמאן איז אויך ניטא אוו! נאטט וויים וואס אים איז גישעהן. –

ביידע האבין גינומען אשליסיל אין האבין דעם צימער אפ גישלאסין. אין וויא גרוים וואר זייער שרעק אלס זיי האבין סאלאמאנען ניט גיטראפין. –

מיטער איך בין פערלוירין! האט לאה אוים גישריען. –

שא נאר שא. האט מרים גיזאגט וואס פאר אבריף לינט דאס אויפין טיש. –

לאה האט גיכער ניכאפט דעם בריף אין האט אים גיעפינט. נאר וויא זיא האט נאר גיוואלט אן הייבין צוא לאזין אזוי איז דער בריף פון אירע האנד ארוים גיפאלין. מאמע. מיר שרעקט זייער דאס הארץ – האט לאה גיזאגט מען דארף דעם בריף ניט לעזין. –

דיא רעדסט וויא אקינד – האט מרים גיענטפערט. דיא זעהסט דען ניט אז דאס איז סאלאמאנס בריף. מען דארף זעהן וואס ער שרייבט; –

מיין הער אבראשקא! – האט מרים אן גיפאנגען צוא לעזין – וויא מיר דוכט הא איר פערשטאנען דאס מיין גאנצער ציל פון מיין זין ביי אייך איז גיוועזן אייער טאכטער לאה אין אין דער וואהר איז טאקע אזוי נגייען. דען זיא האט מיך ניט אירע פאלשע מינעם אין פאלשע קאמפלומענטין בגצויבערט. איך האב ניט גיוויסט וואס פאר אקאנאליע זיא איז אז זיא וויל מיך נאר אין איר נעץ צווינגען. יעצט אבער האב איך אלעם ער פארין אין דורך דעם האב איך [illegible] פון [illegible] ליבין. נאר אים מיינע ברייטין צוא שטילין האב איך גינומין פון אייך ראכע גענומען. אין ווי מיר דוכט פילט איר שוין יעצט דיא ראכע וואס איך האב פון אייך גינומען... פאר געלט אין אייער אמאליגין סאלאמאן פרושמאן. –

וואסער! וואסער! האט לאה מיט אשוואכע שטימע אוים גישריען אונ איז אויף בעט גיפאלין מיר איז ניט גיט! –

דיא מיטער האט זיא גינומען מינטערין אין מיט דער גרעסטער שוועריקייט האט זיא – זיא קאם ער מינטערט. זיי מיט אזוי פערצווייפילט מיין טאכ ער. האט זיא מרים בערוהיגט – דעם פאטער וועט מען לאזין פריי. נאט ווט ארוי- ווייזין זיי אמת. אין סאלאמאנען זאהל נאטט צאהלין פאר דעם וואס ער האט אונז גיטאן. אין אונז. פאר דעם וואס מיר האבין אים גיטאן. דיא פערשטייסט דען ניט אז דאס איז זיין ארבעט? –

ניין מיטער איך וועל דאס ניט גלייבין אויף סאלאמאנען. דא האט זיך אנופטינגע שלאנג ארויין גימישט. ערשט נאכטין אווענד אונער צוועלף דאט ער מיט מיר אזוי פריינדליך גירעדט אין היינט אגאטט! וואס דיא האבין פון אונז אין איין נאכט גיטאכט! נאכטין זענען מיר גיוועזן גליקליך אונ היינט זא אונגליקליך –

## 29

## אמרויערינע סצענע

מיר מוזין זיך יעצט קערין צוא מלכהן. מיר וועלין דארטין זעהן אטרויעריגע סצענע

מצינע. ווי מיר ווייסען איז זיא גיפארין צוא איר פאטער זיא איז שוין דארטין אפּ גיוועזן אפאר וואכין אין האט זיך שטארק בגימיט אויס אים צוא העלפין אים. נאר ווי מיר גייען ארין אין מיר ער זעהן אים. אבוואהל מיר זענען ניט קיין דאקטוירים דאך קאנען מיר אייך זאגין אויף אים דאס ער וועט שוין קיין מאל ניט לעבין. דען זיין גיזיכט איז שוין גיווארין שווארץ. דיא אויגין פערטעקליך. אין זיין גאנצער קערפער דאס. — מיר זעהן דעם אלטין נחמן ליגין אויף זיין בעטיל. אין מלכה זיצט לעבין אים פערזארגט. פון אירע אויגין גיסין זיך טרערין ווי וואסער; מיר קאנען ניט וויסין צוא זיא האט נאר גיוויינט דערוויף וואס איר פאטער איז שלאף. צוא אויך דערוויף וואס זיא ווייסט ניט וויא איר איינציגער זון איז. — גיכער קאנען מיר גלייבין דאס אין צוא צייט אין וועלכער זיא האט זיך גיפינען איז איר אייך איר זאן אויפין גידיינק ארויף. —

וואס ווייניגסטע מיין ליבע טאכטער? האט דער אלטער נחמן מיט אשוואכע שטימע גיפרעגט. וויין ניט דערוויף וואס איך דארף שטארבין דען מיין צייט איז שוין דער צוא גיקומען. איך בין שוין איין אלטער מאן. אין אייביג קאן אמענטש ניט לעבין. וויין אויך ניט דערוויף וואס גאט האט ביי דיר דיין מאן צוא גינומען. אין דיא בזוט איין אלמנה גיבליבין דען דער גאט וואס האט דיך אינגליקליך גימאכט. דער קאן דיך אויך גליקליך מאכין. דיא קאנסט זיך נעמען אביישפיל פון דיין פערשטארבענים מאן; אז ער איז גיבליבין אלעבעדיגער יתום אן אפאטער אין אן אמוטער. דאס הייסט זיי זענען ניט גישטארבין. נאר זיין פאטער האט מען פארשיקט אויף אייביגע קאטערוזשנע פאר אמעשה וואס ער האט גיטאן קעגין דער קרוין. אין זיין מוטער איז גיבליבין איין ענונה מיט דריי קינדער. איינס איונגעלע פון פינף יאהר. אין צוויי יונגלאך אצווילינג וועלכע זיא האט גיבוירין דעם טאג וואס מען האט זיין פאטער דור סאקס אפּ גישיקט אין קאטערוזשנע. דעם צער פון דער מוטער מיט דיא קינדער האט מען נאר ניט גיקאנט צוא זעהן. עס איז איר נאר גיקומען זיך נעהן טרינקען. — איין יונגעלע האב איך פאר מצוה צוא זיך גינומען. אין דאס עלטערס אין דאס צווייטע אקלענער יונגעלע איז ביי איר גיבליבין. איך האב פארגעסין פרעגין ביי זיין מוטער וויא מע רופט אים. האב איך אים אליין אנאמען גיגעבין נאך מיין פערשטארבענים פאטער – שלמה. מיט יענע צוויי קינדער ווייס איך ניט וואס זיא האט גיטאהן. פאר גיוויס האט איר גאט צוא גישיקט אהילף אין אמיטעל וויא זיי צוא ערנערין. — דער ווייל זעהט מען אז גאט איז ארחום וחנון. ער דער בארעמט זיך אויף זיין קלענסטע באשעפניש. בפרט אויף א מענטשין. דערום טאכטער מיינע בעט איך דיך פאר מיין טוירט דיא זאהלסט זיך ניט זארגין. וואס עס דארף זיין וועט זיין. אין וואס עס איז גיוועזן איז שוין פערפאלין. דער מענטש דארף אין דער שלעכטער צייט ניט זיין ביי זיך נישאריין. וויא ער דארף אין דער גוטער צייט ניט זיין ביי זיך גרויס אין שטאלץ. דיא טאכטער האט שוין דער אלטער גירעדט מיט זיינע לעצטע קראפטין. —

ניינג פאטער. האט מלכה גיענטפערט. איך וועל דיך פאלגין. זיי רוהיג. גאט זאל דיר נאר אזוי ארויין שיקין דיא רפואה. דיר איז שווער צוא רעדין. רוה אפּ אביסיל. —

נחמן האט אקליינע צייט גירוהט. דיא אויגין זענען גיוועזן פערמאכט. דאס טייל אפין. נאכהער האט ער גיעפינט זיינע אויגין. ער האט אקוק גיטהון אויף מלכהן מיט זיין פרוי דבורה. אין מיט זיינע לעצטע קראפטין האט ער גיזאגט: מיין טייערע טאכטער פאלג וואס איך האב דיר גיזאגט גאט זאל דיר צוא שיקין אהילף צוא דיין שלאפין חתנ'צין מיין. האט דער שלאפער ניט גיקאנט רעדין. דען אין דעם זענען אים זיינע אלע קראפטין אויס גיגאנגען. ער האט גיגעבין דעם לעצטין בליק אויף דער וועלט. אין

איז

איז געשטארבען ; — דיא לעצטער קאנען זיך פאר שטעלען דעם יאמער און געשריי וואס איז געווארען פון דבורהן און פון מלכהן. זיי האבען זיך געשלאגען מיט דיא פויסטען אין קאפ און גע-גוואלדעוועט. דאס עס איז געווען אשרעק צוא הערען. — מען האט אים באלד אן געקליידעט זיינע איבעריגע קליידער. וועלכע וועגען שוין ביי אים פון לאנג געווען צו געגרייט. און מען האט אים אין זיין איבעריגער גראבע בעהאלטען. —

אליין האבען זיך אפ געשטעלט דבורה מיט מלכהן זיי וועגען געבליבען אין דער גרעסטער פערצווייפלונג. זייערע אויגען האבען ניט געטריקענט פון געוויין. יעדער פון זיי האט איינער דער צווייטער געטרייסט, און זיי האבען זיך דאך ניט געקאנט טרייסטען. מלכה פלעגט זיך יעדער מינוט דער מאנען און איר זאן זיא האט געטראכט און געזאגט וועגען אים. זיא האט אלעס געוואלט וויסען וויא מיט אים האט געפאסירט. וויא ער איז צוא ער האט אשטעלע. מיט איין ווארט דיזעס אלעס האט זיא ניט געלאזט לעבען. דאס הארץ האט איר געצויגען אהיים. זיא האט גערעכינט פיליייכט איז איר אן געקומען אבריף פון סאלאמאנען און זיא ליגט אויף דער פאסט. ווייל עס איז ניטא וועמען אפ צוא געבען. אלזא וויא באלד עס האט זיך נאר געענדיגט דיא זיבען טאג טרויער. האט זיך מלכה געזעגענט מיט איר מוטער. זיי האבען זיך הערצליך געקושט און געשמאק געוויינט און מלכה איז אוועק געפארען צוא הויזע קומענדיג צוא הויזע האט מלכה אויך קיין טרייסט ניט געפינען. דען וויא באלד זיא איז נאר געקומען, זא איז זיא גלייך אויף דער פאסט געלאפען פרעגען אויף אבריף. נאר מיט דעם וועלכען ענטפער וואס זיא איז אוועק געפארען איז זיא מיט דעם אויך יעצט געבליבען, און מלכה איז יעצט אויך אין דער וועלכער פערצווייפלונג. —

---

## 34

## אמאדנער צו פאלל

וויא שלעכט איז דעם מענטשין וועלכער האפט אויף איין זאך און זיא קומט ניט. יעדער מענטש וועלכער האט דיזעס ביי געוואוסט קאן פאהלען דעם ווייטאג; מיר מיזען יעצט בעדויערין שרהן מעסעס טאכטער. זיא האט געוויסט דאס אירע עלטערין וועגען אוועק געפארען קיין רידאנאוו וועגען איר. דאס הייסט בריינגען צו זיי סאלאמאנען. און ער זאל מיט איר הייראטען. און אלעס זיא האט דער וועהן אז עס איז אוועק אכט טאג און זיי וועגען נאך ניט געקומען. האט איר דאס הארץ אן געהויבען שרעקען. פילייכט האט זיי דארט איין אונגליק געטראפען. אדער סאלאמאן האט זיך דער וויסט פון דער גאנצער אונטעריגע וועגען וואס זיי וועגען געקומען קיין רידאנאוו. מיט איין ווארט. זיא האט ניט געקאנט לעבען און יעדער טאג האט זיך איר אויס געצויגען פאר איאהר; ווען איינער פלעגט פאר ביי זייער הויז דורך גיין פלעגט זיא ארויס לויפען פון שטוב. דען זיא האט געמיינט דאס אירע עלטערין וועגען געקומען און האבען געבראכט סאלאמאנען; דיא גאנצע צייט פלעגט זיא אים גיין פערזארגט און פערטראכט. אמאל פלעגט זיא פאר דאסערע אן הייבען וויינען הויך אויפין קיש דאס ווען איינער וואלט געווען דורך גיין וואלט ער מיינען אז דא בעוויינט מען אטוידטען. זיא האט פיל מאהל אן געשריבען בריף צוא אירע עלטערין. נאר אז אלם עס איז געקומען צום אדרעס אן שרייבען. איז זיא געבליבען

געבליבן שטיין פערצווייפעלטערהייט; דען זיא האט ניט געוויסט אין וואס פאר אנאס אירע עלטערן געפינען זיך. — מען האט געזעהן אויף איר געזיכט אגרויסע פערענדערונג. דען אלע טאג פלעגט זיא ווערן בלאסער און בלאסער. ביז יעצטיגן טאג ווען מיר גייען צוא איר אריין איז זיא שוין געל געווארן. זיא האט שוין ניט געקאנט אים גיין. און האט זיך אריין געלייגט אין בעט. מיר הערן פון איר פערשיידענע ווערטער. דען זיא רעדט פון היץ. און איר גאנצע רעדע איז נאר געווען פון זסאלאמענען. זיא האט אים פון איר מאנד ניט ארויס געלאזן. — מיט שרהן אין שטיב איז נאר געווען זייער דינסט סאשע. און אלס דיא דינסט האט דער זעהן אז זיא האט זיך אין בעט אריין געלייגט. און רעדט פערשידענע ווערטער איז זיא אוועק געלאפן נאך אדאקטער וועלכער איז באלד געקומען און האט פערשריבן ארעצעפט. ער האט געהייסן איר דעם רעצעפט דריי מאל אין טאג איין געבן. דאס הייסט איינעם גאנץ פריה. דעם צווייטן אין מיטן טאג דעם דריטן צוועלף דעם זייגער באנאכט. — סאשע איז געזעסן לעבן שרהס בעט ביז צוועלף דעם זייגער אין דער נאכט צוא געבן איר דעם דריטן מאהל דעם רעצעפט וואס דער דאקטער האט פערשריבן שרה איז געלעגן און האט גערעדט פון היץ פערשידענע ווארטער. סאלאמאן; מיין טייערער סאלאמאן! באלד באלד וועט מען דיך ברענגען צוא מיר. מיינע עלטערן זענען אוועק געפארן נאר זיי וועלן דיך ברייגגען און קויטין געשמידט אין דיא וועסט מוזן מיט מיר הייראטין; סאשע! סאלאמאן! סאשע; מאן; מיר דעם סאמאוואר! איך וויל טהיי! — דיא נארעשע דינסט האט ניט פערשטאנען דאס זיא רעדט פון היץ און האט אין דערוואר געמיינט דאס זיא וויל טהיי. צום אונגליק איז אבער ביי זיי אין שטוב קיין טהיי ניט געוועזן. —

עס איז אבער אין שטוב קיין טהיי ניטא. האט סאשא געזאגט.

סאשע טהיי! האט ווידער שרה געשריען. —

שא שא. מיין טייערע. שריי ניט אזוי מיט הארץ האט סאשע געענטפערט איך וועל גיין אין דער צווייטער שטוב לייען אביסיל טהיי און וועל דיר אויף שטעלין דעם סאמאוואר. —

סאשא טהיי! טהיי! האט שרה אין איין שטום געשריען. —

סאשע איז גיכער צוא געלאפן צום שאפע וויא האט ארויס גענומען אפערשריבענעם פאפיר (אליידיגין האט זיא געזאליוועט. ווייל מען קאן נאך אויף אים שרייבין) און איז געלאפן לייען אביסיל טעיי. און אלע הייזער איז שוין געוועזן פינסטער ווייל מען איז שוין דורך אוים געשלאפין; נאר מלכה איז נאך געזעסין. זיא האט ניט געקאנט שלאפין. ווייל זיא האט גיראכפם איר ארבעט ענדיגין. — סאשע האט זיך דערפרייט אלעם וויא האט דער זעהן דאס ביי מלכה; ווייל מען נאך וויא האט גירעכינט דאס בייא איר וועט זיא פיליכט בעקומען אביסיל טהיי. און מיט דער גרעסטער געשווינדקייט איז זיא אוועק געלאפן צוא מלכהן. —

לייעט מיר גיכער אביסיל טהיי. האט שאשעם האפענדיג געזאגט. דער שלאפער שרהן האט זיך פערגריכט טהיי. און ביי אונז איז גראדע אוים גיגאנגען. גיכער איך בעט אייך זאהלט איר מיר גיזינד זיין. זיא שרייט ווייער זיא וויל טהיי. —

רופט בעסער אדאקטער — האט מלכה געזאגט — פיליכט קאן איר דיא טהיי גאר שאדען. —

דער דאקטער איז שוין געוועזן און האט שוין פערשריבן ארוצעפט. האט ער געענטפערט. נאר דיא וויל אבער טהיי. גיבער איך בעט אייך מלכה נין זאהלט איר מיר לאנג לעבין. שיט מיר אריין אביסיל טהיי האט אין דעם פאפיר. —

מלכּה הָאט אַקִיק גִּינֶעבִּין אויף דֶעם פַּאפִּיר װֶעלכִין סאשע הָאט אִיר גִּיגֶעבִּין אִין אִיז גִּיוָואַרִין בְּלַאס וְוִי דֶער טוֹיְדט. מַיין זָאנְס אַבְּרִיף! הָאט זִיא אַגִּישְׁרַיי גִּיגֶעבִּין. אִין הָאט גִּיכֶער אָן גִּיפַאנְגֶען דֶעם בְּרִיף צוּא לֶעזִין. דִיא לֶעזֶער וֶויסִין שׁוֹין פוּן דֶעם בְּרִיף דָאס אִיז גִּיוֶועזִין דִיא עֶרְשְׁטֶע בְּרִיף וָואס סאלאמאן הָאט גִּישְׁרִיבִּין צוּא זַיין מוּטֶער דֶם עֶר גִּיפִינְט זִיךְ אִין רודאנאוו אִין הָאט שׁוֹין אַשְׁטֶעלֶע בַּיי אבראשקִין סאקס. אִין עֶר נֶעמְט הוּנְדֶערְט רוּבִּיל אַמָאנַהְייט. — גָאטט מַיין גָאטט; הָאט מלכּה אוֹיס גִּישְׁרִיעֶן אַלְס זִיא הָאט דֶעם בְּרִיף גִּיעֶנְדִינְט. וָואס פַאר אַגִּיפְטִיגֶע שְׁלַאנְגֶען עֶם פֶערְגִיפְטִין מִיר מַיין לֶעבִּין הַיינְט פֶערשְׁטַייא אִיךְ שׁוֹין דָאס מַיין זִין הָאט מִיר פִיל בְּרִיף גִּישְׁרִיבִּין נָאר זַיי וֶוענֶען מִיר נִיט אָן גִּיקוּמֶען. וָואס הָאבִּין זַיי צוּא מִיר וֶויס אִיךְ נִיט. וָואס הָאבּ אִיךְ דִיכְט מִיר זֶלמַנ׳עֶן מִיט מֶעסֶען גִּיטָאן? אִיךְ הָאבּ מִיט זַיי אוֹיךְ קֵיין מָאהְל נִיט גִּיהַאנְדִילְט. וָואס קֶאנֶען זַיי הָאבִּין צוּא מִיר? —

סאשע אִיז גִּישְׁטַאנֶען אַזוֹי וְויא אויף שְׁפִּילְקֶעס. זִיא הָאט זִיךְ נִיט גִּיקָאנְט אַיין הַאלְטִין אִין וַוארְטִין בִּיז מלכּה וֶועט זִיךְ אִין אִיר דֶערמָאנֶען אִין הָאט מִיט איי פֶערקְרוּמְטִין גִּיזוּכְט גִּיזָאגְט. גִּיט מִיר מלכּה אַבִּיסִיל טֵהיי. אִיךְ בֶּעט אַייךְ. מַיין בַּעַל הַבַּיִת מִיט דֶער בַּעַל - הַבַּיִתְטֶע וֶועלִין קוּמֶען וֶועל אִיךְ אַייךְ אָפּ גֶעבִּין. זָאהל אִיךְ אַזוֹי לֶעבִּין! —

וְוִי הִין אִיז דָאס דַיין בַּעַל - הַבַּיִת מִיט דֶער בַּעַל - הַבַּיִתְטֶע גִּיפָארִין? הָאט מלכּה גִּיפְרֶעגְט. —

זַיי זֶענֶען גִּיפָארִין עֶרְגֶעץ בְּרֵיינְגֶען עֶפֶּעס אסאלאמאן. שַׁדִּים וַוייסִין זַיי וְויא וְויא זֵיין אִים אָן. אִיר וַוייסְט נִיט אַז שׂרה פָארְגֶלֵייכְט זִיךְ. מוּז דָאס בַּאלְד בֶּעשַׁאפְּט וֶוערִין. אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגִין צְווִישִׁין אוּנְז זָאהל דָאס בְּלַייבִּין אַז אִיבֶּער דֶעם סאלאמאנען אִיז זִיא קְרַאנְק גִּיוָוארִין. נָאר אִיךְ בֶּעט אַייךְ גִּיט מִיר שׁוֹין דִי טֵהיי וָוארוּם אִיךְ וֶועל הָאבִּין דֶעם טוֹיְדט. —

מִיט צִיטֶערְנֶע פִּיס אִיז מלכּה גִּיגַאנְגֶען גִּיבִּין אִיר אַבִּיסִיל טֵהיי. אִין אַלֶעס סאשע אִיז אַרוֹיס הָאט מלכּה אוֹיס גִּישְׁרִיעֶן. דֶער בַּארֶעמְדִיגֶער גָאטט! הָאבּ רַחֲמָנוּת אויף מַיין אֵיינְצִיג קִינְד אִין הִיט אִים אֵיין פוּן אוּנְגְלִיק. —

נויא מלכיה הָאט נָאר דֶערְלֶעבְּט טָאג אִיז זִיא נְלַייךְ קֵיין רידאנאו אַוֶועק גִּיפָארִין. —

---

## 35

## צְווַיי מִיטֶערְס מִיט אֵיין הַארְץ

מלכּה אִיז גִּיקוּמֶען קֵיין רודאנאוו. הָאט זִיא זִיךְ בַּאלְד דֶערְפְרֶעגְט צוּ אבראשקִין סאקס. אִין מִיט דֶער גְרֶעסְטֶער גִּישְׁווִינְדְקֵייט אִיז זִיא אַהִין גִּילָאפִין. זִיא הָאט גִּירֶעכִינְט דָאס זִיא וֶועט דָארְטִין גִּיוִויס טְרֶעפִין אִיר לִיבִּין זָאן וֶועלְכִין זִיא הָאט אַזַיין צַייט נִיט גִּיזֶעהִין. אָבֶּער נִיט דָאס הָאט זִיא גִּיטְרָאפִין וָואס זִיא הָאט גִּירֶעכִינְט. זִיא הָאט גִּיטְרָאפִין מרים׳ען זִיצִין מִיט פַארוויינְטֶע אוֹיגִין לֶעבִּין אִיר שְׁלַאפֶע טָאכְטֶער לאה וֶועלְכֶע אִיז גִּיוֶוען רוּיט וְויא פַייֶער פוּן הִיץ אִין הָאט גִּירֶעדְט פֶערְשִׁידֶענֶע וֶוערְטֶער: מַיין טַייֶערֶער סאלאמאן! מִיט אַנְטְלוֹיף פוּן מִיר. אִיךְ בִּין דִיר טְרַייא. מֶען הָאט דִיר דֶערְצֵיילְט לִיגִין אויף מִיר. אִיךְ בִּין דִיר נִיט פַאלְשׁ. מַאךְ מִיךְ נִיט אוּנְגְלִיקְלִיךְ! — אִיךְ הָאבּ אֶפְשַׁר אַטְעוּת. הָאט מלכּה

צוא זיך גיזאגט אלס ויא איז אין שטוב אריין · אין האט דיא מצענע דערזעהן. איך האב גיוויס דיא שטוב ניט גיטראפין. —

וועמען האט איר גידארפט? האט מרים מיט אפארביטערט הערץ גיפרעגט! —

איך האב גידארפט צוא דעם הערר אבראשקא סאקס. מיין זין סאלאמאן איז ביי אים אבוכהאלטער. אין איך האב פון אים דיא גאנצע צייט ניט גיהערט. איך האב ניט גיוויסט וויא ער איז. נאר יעצט האב איך ערפארין או ער איז דא בין איך גיקומען זיך זעהן מיט אים. —

סאלאמאן, סאלאמאן! האט זיך לאה אויף גיכאפט. דיא ביזט דא מיין טייער לעבין. —

ניין. מאכטער. דאס איז ניט סאלאמאן. עס איז זיין מוטער, האט מרים מיט אויפין גיענטפערט. —

דיא שלאפע לאה האט זיך ווידער אוואורף גיגעבין אין בעט. —

וויא איך זעה - זאגט מרים - האט אייער זיהן ניט נאר מיך אונגליקליך גימאכט. נאר מיט זיין אייגענע מוטער האט ער זיך אויך ניט בעסער בעגאנגען. דען אם פארין פון אמיטער אין איר ניט מעלדען אזא לאנגע צייט וויא מען גיפינט זיך מיט דאס קיין מענטש ניט. אין וויא איך פערשטיי זענט איר העכסט פערצווייפילט דערפין. —

ניין! מיין פערצווייפלונג בעשטייט ניט אין דעם וואס ער האט מיר ניט גימעלדעט וויא ער געפינט זיך. דען איך ווייס או ער איז אין דעם ניט שילדיג. נאר פון דעם וואס איך האב ערפארען דאס ער אליין שטייט אין איין גרויסין אונגליק. אונ וויא איך זעה האט אים שוין גאט פון אונגליק ניט איין גיהיט. האט מלכה גיזאגט אין האט דערציילט דיא מעשה פון דעם בריף אונ ווי סאשע האט איר דערציילט דאס זלמן מיט מעסען זענען אוועק ניפארין ברענגען איר זאן. יעצט דערציילט מיר אויך וויא האט אייך מיין זין אונגליקליך גימאכט? האט מלכה גיפרעגט. —

איר זעהט דאך. האט מרים גיענטפערט. מיין טאכטער איז שלאף איבער אים; ווייל זיא איז אין אים פערליבט. אין ער האט זי אבגענארט. מיין מאן איז דורך אים אין אסטראג אריין. מיר זענען דורך אים אונגליקליך גיווארין. —

עס איז ליגין! האט מלכה אגישריי גיגעבין. —

מרים האט ארויס גינומען דיא בריף וואב ויא האט גיפינען ביי סאלאמאנען אין צימער אין האט גיוויזין מלכה'ן. —

מלכה האט דעם בריף אבער גילעזין אין האט ניט מיט איר שטומע אגישריי גיגעבין. עס איז ווייטער ליגין! מיין זין וועט קיין שלעכטעס ניט טאן. אין וועט אויך קיין מיידיל ניט פערפירין. —

איר זעהט דאך אבער או ער האט מיט זיין האנד נישריבין, האט מרים גיזאגט. —

פאר גיוויס האט מען אים גיצווינגען ער זאל דיזין בריף שרייבין. האט מלכה מיט אויפין גיענטפערט. גאט ווייסט אין וואס פאר איין אונגליק ער איז. אוי! איך האלט ביים אויס. דיא מערדער וועלין אים גיוויס ערמארדען. זיא האט זיך ביטער פערגאנגען גיוויינט. —

מרים האט אויף מלכה'ן קוקענדיג אויך אן גיהויבין וויינען. מיר ביידע. וויא אויך אונזערע קינדער זענען יעצט גלייך אונגליקליך. איך פיהל אייער הארץ. אין איר פיהלט מיין הארץ. אוי גאטט פאר וואס שטראפסטע אונז אזוי פיל. צוא דען זענען מיר אזוי פיל זינדיג?

מרים האט אן גיפאנגען צו טרייסטין מלכה'ן; זיא זאל ניט זיין אזוי פיל פערצווייפילט

זיא האט שוין אליין אויך ניט תרפה גיהאט דערויף וואס זיא האט סאלאמאנען אין דער שלעכטער זייטע בעדעכינט. אין האט ניט באמערקט פילייכט איז דא אפאלשע אונטריגע פילייכט האט מען סאלאמאנען גיגייט ער זאל דיזין בריף שרייבין. אין דער מערדער האט דיזין בריף אינטער גיוואָרפין. אים פון זיך דיזע שילד אראפ וואַרפין. מיט איין וואָרט זיא האט ערשט יעצט פערשטאנען איהר גרויסע שילד. דער מיט וואס זיא האט שלעכטע גיקלערט אויף סאלאמאנען וועלכין זיא האט פריער אזוי פיל פארגעטערט. אין האט אים גירופין מיט דעם נאמען אריסטאקראטישער צדיק פון וועלכין זיא האט קיין מאל קיין שלעכטעס ניט גיזעהן נאר. גיטעס. זאל ער יעצט אזא שלעכטע נאך אויף טאן. —

ניין נייין. האט זיא גיזאגט צוא מלכה. איך זעה דאס איהר האט רעכט. אייער מאן איז איין ערליך. קינד. ער וועט אזעלכעס ניט טאהן. איך האב פאלש וועגין אים גיקלערט. נאטש וייס אין וואס פאר איין אונגליק ער איז. מען דארף זעהן דיא זאך ריכטיג ערפארין. פערלירט ניט דיא האפענונג. מלכה. אין וועהט בעסער צוא ערפארין וויא אייער זין איז. —

וואס קען איך ערפארין? האט מלכה מיט טרערין גיענטפערט. נאטש! דער אלמעכטיגער נאטש. ער קאן ווייזין וויא ער איז. אבער איך וועל גאר ניט מאכין מיט מיין זיכין. —

ניין. זאגט מרים. אמענטש דארף דאס פון דעסט וועגין ניט זאגין. ער דארף טאהן אין גאטט דארף אים זיין צוא הילף. —

וואס זשע זאהל איך טאן? האט מלכה פערצווייפילט גיפרעגט. —

איך וואלט אייך זאגין — זאגט מרים — איהר זאלט היינט גיין מעלדין פאליציע דער פון. —

נוא איך וועל גיין — ענטפערט מלכה — איך ווייס אבער ניט צוא עס וועט העלפין. —

---

36

## בעפרייט דעם געפאנגענעם

אין אקליין פינסטערין צימער. אין וועלכין עס שיינט ניט אריין קיין שום שיין פון דיא ליבע זאנגע זיצט אונזער סאלאמאן; ווען אין דעם צימער וואלט זיין ליכטיג וואלטין מיר זעהן דיא טרערין וואס גיסין זיך פון זיינע אויגין וויא וואסער. —

זיין גיזיכט איז בלאס. זיינע אויגין זענען שרעקליך; אין דעם צימער אין וועלכין ער זיצט איז גאר קיין שום מעביל. אויסער איין אלטער דריי פיסיגער טושיל אויף וועלכין סאלאמאן פלעגט עסין. זיצין אין שלאפין. קיין שיין. וויא מיר האבין שוין דערציילט האט אין דעם צימער ניט אריין גישיינט. אויסער אקליין פענסטעריל האט אריין גיקוקט פון סאלאמאנס צימער אין אצווייטין צימער אין וועלכין עס זיינען גיזעסין ולמן מיט מעסען. —

מיר זעהן זיי יעצט ביידין אין צימער טרינקענדיג טהיי פירין זיי צווישען זיך פאלגענדין גישפרעך. —

סאלאמאן שטייט אין זיין צימער ביי דעם פענסטעריל אונ הערט אלס וואס זייא רעדין. —

זאג מיר מעסע, סאלאמאן האט היינט עפעס גיגעסין? האט זלמן גיפרעגט. דיא

ווייסט

ווייסט אז עס איז שוין העכער צוויי מעת לעת אז ער האט אין זיין מויל ניט גיהאט ? —

נוא וואס ווייטע קומערסטע זיך וועגין אים ? האט מעסע גיענטפערט. ער וועט דאך שוין בלויז ניט זיין אונזער שרה׳ס ברויטערנאק. — גא. יא. איך האב דיר פאר געסין זאגין ער האט היינט ביי מיר גיבעטין ארויע איי. ער האט גיזאגט דאס אים טוט ווייא אין האלדז. מיז ער אויס טרינקען ארויע איי׳. וועט אים אויף הערין צוא ווי טאהן. —

נוא אין דיא האסט אים גיגעבין ?

יא. איך האב דעם רחמנות פון אים ניט גיקאנט צוא זעהן. נאר זאג מיר וואס פארגעסטע זיך אזוי פון זיינט וועגין ? בעסער וואלסטע זעהן מאכין מיט אים איין ענדע. עס איז שוין צייט אונז פארין צוא הויזע. דיא ווייסט אז מיר בענקט זיך שוין נאך היים נאטש ווייסט וואס מאכט אונזער טאכטער. —

איך וועל שוין היינט מאכין איין ענדע — האט ולמן גיענטפערט — איך וועל היינט גיין אין פאליציע מעלדען דאס סאלאמאן פרישמאן איז איין גרויסער פארברעכער אין אז מען וועט ביי אים מאכין איין אביסק וועט מען גיפינען געפערליכע זאכען וועלכע איך האב אים אונטער גיווארפין. —

וויא וועסטע זאגין קוואטירט ער ? — האט מעסע גיפרעגט — די ווייסט אז עס פאסט ניט צוא מאכין דיא שפיל דא ביי אונז ווי ער איז פארשלאפין ? —

דא אין עק שטאדט ווינט אוואסער פירער וועלכער האט זיין אייגענע שטיבעלע ; האב איך מיט אים אפ גירעדט דאס ער זאהל זאגין אז סאלאמאן קוואטירט בייא אים שוין צייט דריי וואכין. אין ביי אים אין איין בעזונדער צוטער האב איך בעהאלטין אונטער דעם באליאק פון סטעליע דיא אלע גיפע זאכין וואס מען דארף צוא דעם גישעפט אין אלס מען וועט דאס גיפינען וועלין מיר שוין סאלאמאנען מעגין אפ לאזין ; דען מען וועט אים שוין געבין איין אייביגע דירה אקאזאנע. —

סאלאמאן אלס ער האט דיזע ווערטער דערהערט האט אים אן גיהויבין טרייסלען דיא ציין פון מויל. טרערין האבין זיך פון זיינע אויגין גיגאסין וויא וואסער. אין דער שפיל האט ער גיזאגט: גיטער גאט! ער בארים זיך אויף מיר אין העלף מיר דאס מיין פלאן וועלכין איך האב באקלערט זאהל אויס גיפירט ווערין: ער האט ארויס גינומען פון זיין טאשע אשטיקל פאפיר מיט אבלייא שטיפט אין מיט גרויסע בוכשטאבין אן גישריבין : גוטע מענטשין! ערבארעמט זיך אויף איונגען מענטשין וועלכער איז פערשפארט אין הויז נומער הונדערט פינף אונד פערציג אויף נ..ער גאס נומער צעהן. דען דיזער מענטש אויף וועלכין דער קוויטיל איז אן גיקלעפט. האלט מיך שוין דריי וואכין אין דיזען פינסטערין צימער פארשפארט. סאלאמאן פרישמאן —

באלד האט ער צוא שלאגין דאס איי וואס מעסע האט אים גיגעבין. ער האט ארויס גינומען דאס ווייסכען דער פון אין האט דערמיט באשמירט דאס קוויטיל וואס ער האט ערשט אן גישריבען —

נוא ולמן דיא מעגסט שוין גיין אין פאליציע. האט מעסע גיזאגט. —

יא. איך גיי. האט ולמן גיענטפערט. נאר פריער דארף מען אריין טראגין סאלאמאנען עסין. מיט דעם דויזען איי וואס די האסט אים גיגיבין איז ער ניט זאט. —

גיי טראג אים אריין עסין לאז ער זיך ווארגין האט מעסע גיענטפערט. —

ולמן האט אין דער גיך גיהאפט אשטיק ברויט מיט קעז מיט זיין אייבערשטע פאלטא אין האנד אין איז אריין צוא סאלאמאנען אין צימער. —

באלד ווי סאלאמאן האב ולמנען דער זעהן איז ער אים אויפין האלדז גיפאלין

אין

אין האט פאר איהם געוויינט מיט ביטערע טרערין דאס ער זאהל איהם פון ראנגען בעפרייען. דער וויל האט ער צייט געהאט זלמנען אויפין פליצע און קלעפין דעם קוויטיל. —

זלמן האט ניט געוואלט הערין סאלאמאנס געבעט אין געוויין. ער האט סאלאמאנען פון זיך אשמוים געגעבין. אין מיט גרוים כעם האט ער געשווינד אן געטאן זיין איבערשטין פאלטאן אין איז אוועק אין פאליציע. —

אלעס ער איז געקומען אין פאליציע האט ער געמעלדעט דאס ער האט ערפאהרען אז סאלאמאן פרישמאן וועלכער קוואטירט אין עק שטאדט בא דעם וואסער טראגער חיים וואלדמאן — איז איין סאציליסט. —

דער פריסטאוו האט איהם געבעטין אויף ווארטין אשטונדע. דען ער האט פריער געדארפט ענדיגין זיין ארבעט. אין נאכהער וועט ער גיין מיט איהם מאכין איין אבסק ביי סאלאמאנען. —

. ולמן האט זיך געזעצט אויף אשטיל אין האט געווארט ביז דער פריסטאוו וועט ענדיגין זיין ארבעט. —

אין דעם האט זיך דיא טיר געעפינט אין עס איז אריין מלכה מיט איין אומעדיג געזיכט; זיא איז צוא געגאנגען צום טיש אין האט מיט טרערין געזאגט צום פריסטאוו. העער פריסטאוו! מיין איינציגער זין סאלאמאן פרישמאן איז שוין צייט דריי וואכין ניטא. ער איז ווי אין וואסער אריין געפאלין. איך פורכטע אז מערדער האבין איהם צוא גענומען אין ווילין איהם ערמארדין. —

אייער זין איז דא. דיזער מענטש האט אביאוועט אז ער איז אסאציליסט מיר גייען באלד צוא איהם מאכין איין אבסק. האט דער פריסטאוו געזאגט אין האט געוויזין אויף זלמן ען. —

גאטט מיין גאטט! וואס זעה איך — האט מלכה אגישריי געגעבין אלס זיא האט זלמן ען דער זעהן. דיזער מענטש איז זיין מערדער וועלבער וויל איהם אונגליקליך מאכין. איך בעט אייך העער פריסטאוו איר זאהלט איהם פריער אבזקעווען צוא וויל ער פילייכט ניט אונטער ווארפין דיזע פאלשע פאפירין.

יא. איר האט רעכט האט דער פריסטאוו געזאגט אין האט ניט געקאנט צוא זעהן מלכהס טרערין. —

אך מיט דער גרעסטער ערע. איר מעגט מיך אבזקעווען. האט זלמן געזאגט אי האט זיין איבערשטין פאלטא פון זיך אראפ געצויגין. ווען איך זאהל זיין אמאשעניק וואלט איך זיך דער פאר פורכטען. אבער גאטט ווייסט דעם אמת אז איך בין איין אמת'ר מאן. —

דער פריסטאוו האט גענומען זלמן ען בעזיכין אין האט דער זעהן ביי איהם אויפין פליצע אציגיקלעפטין קוויטיל. אין אלס ער האט איהם איבער געלעזין האט ער צוא מלכהן געזאגט: בערוהיגט זיך גוטע פרויא אייער זין איז שוין דא. —

מיין זאנס האנדשריפט! האט מלכה אגישריי געגעבין אלס זיא האט דעם קוויטיל דער זעהן. —

וויא קוואטירט איר ועלכסט? האט דער פריסטאוו זלמן ען געפרעגט. —

איך קוואטיר אין הויז נומער הונדערט פינף אונ פערציג האט זלמן געענטפערט. — נוא רעכט. יעצט וועלין מיר גיין צוא אייך אויף דער קוואטיר זיכין פילייכט איז דער סאלאמאן פערשפארט ביי אייך אין אפינסטערין צימער. האט דער פריסטאוו געזאגט אין האט זלמנען דעם קוויטיל געוויזען. —

וויא פערשפארט ? ווער ? האט זלמן געשטאמעלט אלס ער האט דעם קוויטיל איבער געלעזין.— קום מיט מיר איך וועל שוין דיר אלס בעווייזין. איך וועל דיך קלאר מאכין ווער האט דיזעס געטאהן. האט דער פריסטאוו געזאגט אונ איז מיט זלמן ען אין מלכה׳ס אוועק בעפרייען סאלאמאנען.—

אלס זיי זענען געקומען צוא זלמן׳ען אויף דער קוואטיר. האט דער פריסטאוו געפאדערט מען זאהל אים געבין דעם שליסיל פון דעם פאר שלאסענעם צימער אין וועלכי סאלאמאן איז פערשפארט. — זלמן האט זיך פריער אביסול געשפארט אין האט ניט געוואלט געבין. נאר אלס ער האט דערזעהן דאס אים וועט גאר ניט העלפין. האט ער גיגעבין דעם שליסיל אין מען האט סאלאמאנען בעפרייט. —

מיין ליבער איינציגער זאהן! האט מלכה פאר פרייד אנגעשריי גיגיבין אלס זיא האט סאלאמאנען דער זעהן.—

וואס זעהן מיינע אויגין? האט אויך סאלאמאן אויס געשריען. מיין טייערע מוטער! נאט האט דיך גיבראכט צוא רעטען מיך פון אונגליק. דען נאך איין שטונדע וואלט איך גיווען אויף עוויג פערלוירין.—

נוא דאנקען גאט. האט מלכה גיזאגט. דאנקען גאט וואס די ביזט גירעטעט. —

סאלאמאן האט דער ציילט פון אן הייב ביז אין סוף וויא מיט אים האט גיפאסירט. וויא זיין דינער יאסיל האט אים פערפירט אין וואלד. אין וויא מען האט אים גיצוואונגין דאס ער זאל שרייבין אבריף צוא אבראשקען דאס ער האט אין אים דאבע גינומען פאר דעם וואס זיין מאכטער לאה איז צוא אים פאלש גיוועזן. פאר גיוויס — זאגט ער — האבין אים דיא מערדער אונגליקליך גימאכט אין האבין אויף מיר זייער שולד גיווארפין.—

יא. יא. האט מלכה גיענטפערט. אבראשקא זיצט אין אסטראג. אין אבראשקעס פרוי זאגט אז דורך דיר איז ער אונגליקליך גיווארין. אין זייער טאכטער לאה איז שטארק שלאף.—

לאה איז שלאף?! אין אבראשקע זיצט אין אסטראג? אגאטט איך סליחה שוין צוא זיא.—

ניין. זאגט דער פריסטאוו. איר מוזט דא ווארטין ביז איך וועל אייך ברענגען פאליציייסקע וועלכע זאלין זלמן׳ען מיט מעסען אין אסטראג אפ פירין.—

נוא מיר העלין דא ווארטין. האט סאלאמאן גיענטפערט.—

דער פריסטאוו איז ארויס אין אויף זיין שווישטש איז אן גלאפין פאליצייסקע. נאר איידער דער פריסטאוו איז מיט דיא פאליציייסקע ארייין האט זלמן אויס גיבראכין אפענסטער אין איז אנטלאפין גיווארין. פאליציייסקע האבין אים גייאגט אין אלע גאסין. מען האט אים אבער ניט מיין גיפינען. ער וועט אבער פון אונזערע האנד ניט אנטלויפין האט דער פריסטאוו גיזאגט ארייין גייענדיג אן זלמן ען. —

דיא פאליציייסקע האבין דער ווייל צוא גענומען מעסען אין האבין זיא אין אסטראג אוועק גיפירט. —

---

37

## דער לעבעדיגער מת

נוא יעצט. זאגט סאלאמאן צוא דעם פריסטאוו. איהר איר שוין מוזין זיין אזוי גיט אין אריבער גיין מיט אונז צוא אבראשקין פאקס. מיר וועלין ערפרייען דיא פאמיליע אין

באפריען אבראשקען פון זיין געפענגעניס און װעלכער ער זיצט אויף דורך זלמן'ען מיט װעלין געמען יאסלען אויפין דאפראס װעט ער אונז מודה זיין. —

יא. איר האט רעכט. איך גיי מיט אייך. האט דער פריסטאוו געענטפערט און איז מיט מלכה'ן און סאלאמאנען אװעק צוא אבראשקען. —

מרים האט זיך אין אנפאנג דערשראקין אלס זיא האט זיי דער זעהן. נאר סאלאמאן האט זיא באלד בערוהיגט און האט איר דערציילט אלעס װאס מיט אים האט גיפאסירט.

מיין טייערער סאלאמאן! האט לאה אנגישריי גיגעבין און איז פון בעט אויף גישפרונגען אלס זיא האט סאלאמאנס שטימע דערהערט. זייא האבין זיך ביידע הערצליך צוא קושען און זיי האבין איינער דעם צווייטין דערציילט וויא עס האט מיט זיי גיפאסירט. —

באלד האט מען געבראכט יאסלען; דער סלעדעוואטעל. װעלכער איז אויך באלד גיקומען. האט גינומען יאסלען אויפין דאפראס. און יאסעלע האט זיך מודה גיװען אז ער האט אונטער גיציגדין דעם קרוסט. און ער האט אויך סאלאמאנען פערנארט און װאלד נאר ער איז דערינען גיט שולדיג וויל זלמן האט אים צוא אלעס אן גירעט. —

דער סלעדעװאטעל האט גיהייסין בעפרייען אבראשקען און ביידע װערטער זענען באלד איספאלנעט גיװארין.

דאנקען גאטט. דאנקען גאטט. װאס מיר זענען גירעטעט האט אבראשקא גיזאגט אלס ער איז אביין. און איז יעדין אויפין האלדז גיפאלין. —

פערציי מיר סאלאמאן װאס איך האב װעגין דיר שלעכטעס גיטראכט האט מרים גיזאגט. — ניין פערצייעט מיר װאס איך האב אייך שמערצין פעראורזאכט מיט מיין בריף װעלכע איך האב ניט װוילנדיג נימוזט שרייבין. האט סאלאמאן גיזאגט מיט טרערין אין דיא אויגין פאר פרייד. —

מיר מוזין זיך היינט איינער דעם צווייטין פארציילען. האט מלכה גיענטפערט. דען נאטט האט אזוי גיפירט. —

יעצט ליבע מוטער וויא איך זעה האסטו מיין בריף ניט ערהאלטען. און װעלכין איך האב דיר אן גיזאגט אנגרויסע בשורה האט סאלאמאן גיזאגט. —

ניין דיינע בריף האט מען מיר ניט איבער גיגעבין. געװיס זענען זיי ארײן גיפאלין אין זלמן'ס האנד. האט מלכה גיענטפערט. —

אלוא ליבע מוטער שרעק זיך ניט. און פאס זיך מוטה דיא זאלסט קאנען איבער טראגין װאס איך װעל דיר זאגין אז מיין פאטער לעבט. מיר װעלין אים באלד בעפרייען. —

גאטט! איז דאס װאהר? איז דאס מעגליך? אס איך זאל נאך זעהן מיין גישטארבענים סאלאמאנען? האט מלכה מיט פרייד גישריען. —

יא. מוטער. דאס איז װאהר. ער זיצט פערשפארט מיט אונזער גביר משה בראש דיזעס איז אלץ זלמן'ס ארבעט. ער האט אליין דערציילט. און אויך מיט דעם העד אבראשקא האבין ערפאהרין אז משה'ס נאמען איז ניט משה בראש נאר דוד סאקס. —

דוד סאקס! האט מלכה ניט מיט איר שטומע אנגישריי גיגעבין. איז דאס מעגליך אז אפאטער מיט אזון זיצין פערשפארט. א גאטט! וויא גרוים דיינע װוינדער זענען. דיא מאכסט פון טוידט לעבעדיג. און פון אומעגליכם — מעגליכם. —

װאס רעדסטו מוטער? זאגט סאלאמאן. —

דאס װאס דיא הערסט האט מלכה גיענטפערט. מיין פאטער האט מיר פאר זיין טויט דערציילט דאס ער האט מיין שלמה'ן צוא גינומען ביי איין ארעמע פרוי װעלכע מען האט איר מאן דוד סאקס אויף עװיגע קאטערגע פערשיקט. און זיא איז געבליבען אזוי אונגליקליכע.

אונגליקליכע מיט דריי קינדער. דאס מיין פאטער צוא געגעבען ביי דער ארעמע פרוי אין קינד. פאר מצוה. —

וואס הערין מיינע אויערין? גאטט מיין גאטט! האט אבראשקא אוים געשריען. איז שלמה מיין ברודער? ! א גאטט. וואונדערליך בייזט דוא. און וואונדערליך זענען דיינע מעשים. —

זיי האבין נאך אשטונדע גירעדט ביז זייא האבין זיך איינער דעם צווייטין רעכט פערשטאנען נאכהער האט אבראשקע גיזאגט: יעצט מוזין מיר פארין בעפרייען אונזערע פאטערם. —

סאלאמאן איז באלד אוועק צום פריסטאוו. ער האט אים דערצייהלט דיא גאנצע מעשה און דער פריסטאוו האט אים געגעבין איין אונווייזונג צוא דעם ראזוואלאווער פריסטאוו און אבראשקע מיט סאלאמאנען זענען אוועק גיפארין קיין ראזאלאוו. —

איך רעכין דאס דוא לעזער וועלין זיך אליין פארשטעלין וויא שלעכט און ביטער עס איז גיוועין שלמהן מיט משהן צוא זיצין פערשפארט און אורענהויז. זיי האבין אויף זיך יעדין טאג גיבעטין דעם טויט. זיי זענען גיוועין בלאס און שרעקליך. אויף זייערע גיזיכטער איז גיוועין וויא אוואלקין פערצויגין זייא זענען גישטאנען ביידע צוא גישטורצטע צום וואנט און ווארין שטארק בעוואקסין. —

ערבארים זיך שוין אויף מיר גאטט און נעם שוין פון מיר צוא דיא נשמה האט משה מיט טרערין גיבעטין. גענוג שוין מיך צוא שטראפין. גענוג שוין מיך צוא קוועלין און ביטערע ליידין. פערצייא מיר מיין טייערער שלמה אויף אלעם וואס איך האב דיר גיטאן. דורך מיר מוזט דא זיצין פערשפארט. דורך מיר מוזטו אזוי פיל ליידין. פערצייא מיר. איך בעט דיך. האב רחמנות. עס קאן זיין אז דוא וועסט מיר פערצייען וועט זיך גאטט אויף מיר ערבארמען און וועט מיר גיכער צוא שיקין דעם טויט... ער האט נאך גים צייט גיהאט צוא ענדיגען זיינע ווארטער האט זיך גיהערט אקלאפ אין טיר. ביידע משה מיט שלמהן האבין זיך שטארק ערשראקין. דען זיי האבין גירעכינט דאס עס גייט זייער הער פון וועלכין זיי פלעגין נוט איין מאל האפין אשטעקין און פלייצע. נאר ניט ער איז אריין. נאר עס איז אריין אבראשקא. סאלאמאן. דער פריסטאוו מיט עטליכע פאליציסקע. —

באלד זענען ביידע בעפרייט גיווארין. און דעם הער פון דיזער הויז האט מען אין אסטראג אוועק גיפירט. —

וואהל איך גלייבין אז גאטט האט מיר שוין פערצייעט מיינע גרויסע זינד און איך בין שוין פריי? האט משה מיט טרערין גיזאגט. —

יא. פאטער. האט אבראשקע גיזאגט. דוא בייזט שוין פריי. וועה אט שטייט פאר דיר דיין אלטערער זון אברהם. און דיין צווייטער זון שלמה מיט וועלכין דיא בייזט גיוועזן פערשפארט. —

שלמה איז מיין זון? האט משה אדער דוד אוים גישריען. און נאט איך בין גינוג דינרינג אז איך האב מיין אייגענים זון אונגליקליך גימאכט. — משה איז גיפאלין צוא דער ערד. און מיט אזאמערדיגע שטימע האט ער גיזאגט. פערצייעט מיר מיינע קינדער איך האב אייך אונגליק....

מין האט ער נים גיקאנט רייזין. זיינע לעצטע קרעפטין זענען אים אויסגיגאנגען און זיין זעלע איז אוועק און דעם ארט פון וואנען זיא איז גינומען גיווארין. —

שלמה איז דיא גאנצע צייט גישטאנען וויא אתם. ער האט נים גיוויסט וואס מיט אים מיט זיך. נאר אלס אבראשקא האט אים דערצייהלט אלעס וואס דא איז גישעהן האט

שלמה

שלמה מיט אגרויס גיוויין אוים גישריען : גרויסער גאטט ! דיין האנד איז גרויס אויף שטראפין, אבער וויא איז אויך גרויס צוא העלפין. —

פאטער ! האט סאלאמאן אנישריי גיגעבין. ועה דיין איינציגער זין וועלכין דוא קאנסט נאך גאר ניט שטייט פאר דיר. —

און אויך דיין ברודער האט אבראשקע גיזאגט. —

זיי האבין זיך אלע אים גיארעמט און האבין זיך הערצליך צוא קישט. נאכהער זענען זיי מיט פרייד צוא הויזע גיפארין. —

דיא לעזער קאנען זיך פארשטעלין דוא פרייד וואס עס איז גיווארין אלעס מלכה האט דערזעהן איר שלמהן. זיי האבין זיך גיקושט גיהאלדזט גיוויינט און גיפרייט. מיט איין ווארט עס איז גיוועזן פריידין איבער פריידין. באלד האט מען גירופין אדאקטער צוא שלמהן דען ער וואר זייער אפ גישוואכט און ער האט אויסגיזעהן וויא אלעבעדיגער מת. —

---

# 38

## אלעס ביז אצייט;

זלמן איז אנטלאפין פון דיזאגאוו גלייך קיין גראדאוויל. ער איז גילאפין צוא זיך אין הויז מיט דעם גיבאנק פאר נעמען דאס געלט וואס איז גילעגין ביי אים אין אקעסטל פערשלאסין און נאכהער מאכין דיא פלטה. נאר אלעס ער איז אין שטוב אריין איז ער געבליבען ערשראקין. דען ער האט דערזעהן זיין טאכטער שרה ליגט אויפין בעט בלאס זיא האט שוין גיהאלטין ביים אויס גיין. זלמן איז צוא גיגאנגען צוא איר און האט מיט אביטערע שטומע גיפרעגט : וואס איז דיר מיין טאכטער ? —

סא-לא-מאן ! האט שרה מיט אשוואכע שטומע גיענטפערט.

א. דוא פערפלוכטער סאלאמאן ! האט זלמן צוא זיך גיזאגט. דוא האסט פון אונז אלעמען אתל גימאכט. —

און דעם האט שרה איר לעצטין אטהעם ארויס גילאזין און איז גישטארבין. —

גיי קמשארטו ! האט זלמן אנישריי גיגעבין. איך קאן דא ניט שטעהן. מען דארף צוא נעמען דאס געלט און מאכין דוא פלטה. —

וויא ער האט נאר דוא ווארטער אויסגירעדט. אזוי האט זיך דוא טיר גיעפינט און עס איז אריין עליושקע. —

ניין ברודער — האט עליושקע גיזאגט אריין גייענדיג — דוא וועסט ניט צוא נעמען דאס געלט און מאכין דוא פלטה. דוא זאלסט וויסען אז משה איז גיוועזן מיין פאטער. און דאס געלט גיהער צוא מיר. —

וואס וויל גאך פון מיר דער טייוויל ? האט זלמן צארענדיג גיפרעגט. —

דוא מענסט זיך שוין זאגין וואס דוא ווילסט האט עליושקע גיענטפערט. און דוא וועסט פון דאנען ניט אוועק. איך זעה דיא האסט שוין דיין טאכטער אויך ערמארדעט. און דיא ווילסט אוועק. ניין סטוי בראט ! —

וואו פון דאנען ! האט זלמן אנישריי גיגעבין און האט עליושקען פון זיך אפגעשטויס גיגעבין. —

און איך וועל ניט אוועק. האט עליושקע גיענטפערט און האט זלמן א קאר ...

קאפּף אָן גינומֶען. —

זלמן האָט אַזאָרְף גינֶעבִּין אַצִירוּנֶרְען בְּלִיק אויף עליושקען. אין הָט גיזוּכְט אַמִיטוּל ווִי פק אִים לויז צוא וֶוערִין. יֶנְדְלִיך האָט עֶר גיתַאפְּט דָעם מֶעסֶער וֶועלְכֶער אִיז גילֶעגִין אִיבִּין טִיש. אִין האָט אִים עליושקען אִין האַרְצִין אַבִיין גישְׁטָאכִין. וֶועלְכֶער אִיז גיפַאלִין אויף דָער עֶרְד טוֹידְט. —

זלמן אִיז ווִי אַ וַותְּגְוינוּגֶער אִים גילָאפִין אִיבֶּער דֶעם צוּמֶער. עֶר האָט גיזוּכְט דָאס גֶעלְט. אַבִּיסוּל זוּלְבֶּער וָואס עֶר האָט בַּאהַאלְטִין. נָאר בַּאלְד אִיז עֶר גיבְרוּבִין עֶרְשְׁרָאקִין. עֶר האָט דֶער הֶערְט טְרִיט אוּנְטֶער דֶער טִיר. וֶועלְכֶע האָט זִיך בַּאלְד גיעֶפִינְט אִין עֶס אִיז אַרַיין אַפְּרִיבְטַּאוו מִיט עֶטְלִיכֶע סָאלְדַאטִין. —

אִיר וֶוענְט זלמן ברענמאן! האָט דֶער פְּרִיסְטַּאוו גיפְרֶעגְט. —

יָא. יַיין. האָט זלמן גישְׁטַאמֶעלְט. —

אַייך פָאדֶערְט מֶען קֵיין רידאנאוו. אויף אֵיינֶע אַייך בֶּעקַאנְטֶע דֶיעלָא. אִין הַיינְט מוּז אִיך אַייך אָטְפְּרַאוֶוען. נָאר וָואס זֶעה אִיך? צְווַיי עֶרְמָארְדֶעטֶע מֶענְטְשִׁין! נֶעמְט אִים! האָט עֶר אַגִישְׁרַיי גיגֶעבִּין צוא דוא סָאלְדַאטֶען...

זלמן עֶן האָט מֶען גיבְּרַאכְט קֵיין רידאנאוו. אין אַלֶעס עֶס אִיז גִיוֶוען זַיין סוֹד. האָט מֶען אִים אויף עֶווִיגֶע קַאטֶערְגֶע פֶּערְאוּרְטֵהַיילְט. —

אִין דֶער וֶועלְבֶער צַייט אִיז גִיוֶוען אִין רידאנאוו דִיא חַתוּנָה. פוּן אוּנְזֶער גְלִיקְלִיכֶער פָּאר. סאלאמאן אִין לאה. דִיא רידאנאווער אָרֶעמֶע לַייט האָבִּין אַצַייט גיהַאט צוא זִינְגֶען אִין צוא קְלִינְגֶען פוּן זֵייעֶר חַתוּנָה. —

# ענדע



